א. פייערמאַן

# צוויי שטראָמען

(דערציילונגען)



אַרויסגעגעבן פון שרייבער-פאַריין ה. ד. נאָמבערג

1954 בוענאָס איירעס

# אינהאַלט:

# כאַסינטאַ

כאָסע שטולבערג איז דריי טעג שוין אַרומגעגאַנגען ווי אָן אַ קאָפּ. אַזאַ זאַך! אַזוי אָפּטון אַ מענטשן און פאַרוואָס?! האָט ער דען זיין כאַסינטאַ נישט געלערנט ווי אַלע גרויסע? דאַכט זיך, ווען מען רעכנט צונויף דאָס געלט וואָס זי קאָסט אים, גרייכט עס אין די טויזנטער, אין די טויזנטער . . .

אַ דאָרפיש פּאָר פּאָלק האָט אַריינגעשטופּט מיט אַמאָל דעם קאָפּ אין טיר פון מעבלערייע (מעבל־געשעפט) און כאָסע האָט זיי מיט דער האַנט מעכאַניש אַריינגערופן. ער האָט צו זיי גערעדט ווייך, ליבלעך, ווי זיין שטייגער איינריידן קליענטן, אַזוי אַז פון זיין געשעפט זאָל קיינער ניט אַוועק אומגעקויפט. דאָס פּאָרל האָט זיך אַרומגעדרייט איבער דער גרויסער מעבלערייע, וואַרפנדיק פאַרחידושטע אויגן פון איין זאַך אויף דער צווייטער, און כאָסע איז זיי נאָכגעגאַנגען לויבנדיק יעדן שטיק מעבל, ביי וועלכן די גראָבע פאַרמאַזאָליעטע הענט האָבן זיך אָפּגעשטעלט און אַרומגעטאַפּט. — אַן עבירה — האָט ער זיך געטראַכט איראָניש, וואָס די אמתע נאָגאַל (ניסנהאָלץ)-שאַפע האָט נישט קיין לאַנגן עק, וויטער וואָלט דער פונדעק (אַ יידישער צונאָמען פאַר די אָרטיקע פויערים) באַלד אים פאַרהויבן און גיך זיין מבינות געזאָגט... צוקומענדיק צו דער טיר וואָס פירט אין וווינונג, האָט דאָס פּאָר-פּאָלק ערשט דערזען אַז מער ווו צו גיין איז נישטאָ, אַז אַלץ איז כמעט שוין אַרומגעקוקט, האָט ער ערשט געוואָרפן אַ פראַגע־בליק צו זיינער: „וואָס זאָגסטו כאַסעפינאַ?" און זענען וויטער געבליבן אומבאַשלאָסן וואָס אויסצוקלייבן, די אָדער יענע כועגאָ (קאָמפּלעט), וועלכע האָבן אַזוי גלענצנדיק קאָנקורירט צווישן זיך. ביז ער האָט אַ ווונק געגעבן צו כאָסעפינען,

אויף גיך געזאָגט „אַסטאַ לועגאָ" (צום ווידערזען) און אַרויס מיט איר פון געשעפט.

אין אַנדערש מאָל וואָלט דאָס נישט געשען. דאַן כאַסע האָט שוין זײַנע מיטלען ווי אַרום די דאָרפֿס־מענטשן זאָלן פּטרן די פּאָר טאָלער בײַ אים אין געשעפט; נאָר איצט האָט ער אַ מאַך געטון מיט דער האַנט, זײַ נאָכזאָגנדיק אין יידיש: גייט, ברעכט די קעפּ! און האָט ווידער געשפּאַנט איבער זײַן גרויסן מעבל־געשעפט הין און צוריק: „גיי ווייס, אַזאַ שטילער שייגעץ, פלעגט קוים אַ וואָרט אַרויסריידן! אַזאַ אנגענעמענער! גיי ריכט זיך, אַז ער, פּערעס, וועט אים אָפּטון אַזאַ שווײַנערײַ! נאָר — האָט ער ווײַטער געטראַכט — וואָס איז ער מער שולדיק פון איר, די בת יחידה? אַזוי פיל געלט אַרויסגעוואָרפן אין דער בלאָטע. אַרויסגעוואָרפן! ער האָט קיינמאָל נישט געוואָלט מאַכן פון זײַן טאָכטער קיין דאָקטערשע, פלעגט אָבער כואַנאַ צושטיין ווי אַ פּיאַווקע: מען דאַרף לערנען דאָס קינד, ס'טײַטש די פּעלצנמאַכערס זענען אין רוסלאַנד געוועזן שוסטערס און דאָ לערנען זייערע קינדער אויף דאָקטוירים... די בלומבערגס, די גרינפעלדס, יעדער לערנט, דאַרף מען אויך כאַסינטאַן לערנען... האָט זי, כאַסינטאַ, איבערגעלאָזט דאָס לערנען, די עלטערן און אַנטלאָפן מיטן שייגעץ דעם ציין־טעכניקער פּערעס. כאָטש מיט אַ דאָקטער, מילאַ, וואָלטן מענטשן דרך ארץ געהאַט. אָבער אַנטלויפן מיט אַ פּראָסטן ציין־טעכניקער... ס'איז אַ בושה אפילו אין גאַס זיך ווײַזן פאַר באַקאַנטע . . .

אין דרויסן האָבן פויל זיך געדרייט דריבנע טראָפּנס רעגן, גלײַך ס'זאָל זײַ אַ שאָד זײַן פאַלן אויף בלויזע גאַסן־שטיינער און זאָלן זוכן עפּעס אַ באַשעפעניש אים זיך אײַנצוגעצן אין די ביינער. מענטשלעכע קערפּערס, איבערן גאַס דורכגייענדיק, האָבן זיך געהויקערט, געטוליעט, וועלנדיק זיך אין אייגענער גוף־וואַרעמקייט באַהאַלטן. האָבן זײַ אויסגעוויזן, פאַרביישמייענדיק כאַסע שטולבערגס טיר, קליינינקע, נישטיקע, מיט געוואַלד אויף וועלט אַרויסגעטריבענע. איז ער, אויף זײַ קוקנדיק, אויף בײַ זיך געפאַלן, דערמאָנענדיק אין דער שוואַכקייט, וואָס רוקט זיך אויף אים מיט גרויזאַמע טריט. ס'האָט זיך אים געדאַכט אַז אַ שאַבע איז ער, אַ לעבעדיקע שאַפע אַזאַ, צווישן דעמבענע און ניסנהאָלצענע שאַפעס, און דערמאָנט האָט ער זיך אין אַ פסוק וואָס ער האָט קליינער־

הייט געלערנט, אַז „הכל הבל"... וואָס־זשע לעבט אינגאַנצן אַ מענטש אויף דער וועלט? וואָס לויפט ער, רייסט זיך מיט קונים, וויל פאַרזשע־רען אַ וועלט?... קינדער!... און זי, די בת־יחידה, האָט אים איבערגע־לאָזט מיט הכל בכל און אוועק, און מיט וועמען? מיט אַ פּראָסטן, שייגעץ אַ ציינטעכניקער! כעס מיט בענקעניש האָבן זיך יעדער ווײַלע געביטן, אים צעקנייטשנדיק דאָס גלאַט ראַזירטע פולע פּנים. אַ ווײַלע האָט ער געטראַכט: אַוועק אַהין, קיין קרוז דעל עכע, און מיט פּאָליציי זי צוריק־ברענגען? זי זידלען און...? שטיקער וואָלט ער פון איר געריסן, ווען ער האָט זי איצט לעבן זיך!...

אַ ווײַלע אָבער האָט זיך אים געדאַכט אַז ער פאַרגעסט אינגאַנצן כאַסינטאַס פּנים, דער שיינער טאָכטערס צורה, און אים האָט זיך גע־וואָלט לויפן כאָטש נאָר אַ קוק טון אויף איר, כאָטש נאָר זי זען... און פון ווײַטיק האָט ער אַרויסגעוואָרטשעט: אַן אויסכאַפּעניש זאָל אויף איר געוועזן קומען איידער זי האָט געטון אַזאַ זאַך!

די פרוי זיינע, דאָניאַ כואַנאַ, איז מיט שטילע טריט אין מועבלעריאַ פון וווינונג אַריינגעקומען, מיט אויגן רויטע פון וויינען און געקוקט אויף אים בגנבה: יאָ רעדן צו אים, נישט רעדן צו אים? — כאָסע! — האָט זיך ענדלעך שטיל, ווי געוואָרגן זיך, געבעטן, — כאָסע! זאָג מיר וואָס שרייבט זי נאָך אין בריוו?

ער האָט נישט געענטפערט, נאָר מיט כעס אַרויסגעכאַפּט פון קע־שענע אַ פולן קאָנווערט פון דער אַנטלאָפענער טאָכטער און אַ וואָרף געטון איר אין פּנים, פאַרזעצנדיק שפּאַנען הין און צוריק... ער פלעגט טאַקע באַמערקן, אַז כאַסינטאַ איז צו היימיש מיט מאַקסימאָן... ער האָט אפילו כואַנאַן אַמאָל געזאָגט: „טשע, זאָג דיין טעכטערל זי זאָל ניט זיין אַזאַ שמעלקע מיטן אַלמאַסענעראָס בחור. אַז א י ך וועל זאָגן, וועט זי שוין שלעכט אָפּשניידן". נאָר אויף אַנטלויפן און חתונה האָבן מיט אַ קריסט, האָט ער זיך נישט געריכט... די פעלצמאַכערס האָבן אויך פיל באַקאַנטע שקצים, דאָך וועלן זיי חתונה האָבן ווי די יידישע טעכטער, און אויף אים — אַזאַ צרה, אַזאַ צרה...

אין אָוונט זענען די גרינשטיינס צוגאַסט געקומען, געוואוירע ווערן וואָס הערט זיך מיט כאָסע שטולבערגס טאָכטער. און הערנדיק דאָס נייס, , זיך אַ ביסל דאָס האַרץ געקילט; זאָל ער וויסן, דער שטענדיקער

גדלה'ניוק, תמיד קואַליקירע זאַך (אַ ליאַדע זאַך) איז כאַסינטאַ; מיין כאַסינטאַ לערנט מיט סאַמע צען; מיין כאַסינטאַ איז קלוג... האָסטו דיר כאַסינטאָ... האָבן זיי אָבער דערזען דאָניאַ כואַנאַן אַ דערשלאָגענע, אַ פאַרוויינטע, אים, אַן איינגעבויגענעם, מיטן פּנים געשוואָלן פון נירן־קרענק, איז זיי אַ רחמנות באַפאַלן: מ'שטיינס געזאָגט, מענטשן האָבן אייַן אויג אין קאָפּ נעבעך... האָבן זיי טרייסטן אָנגעהויבן. — וואָס איז, איר זענט דען אין פּאַדוואָלאַטשיסק, צי לעמבערג? וואָס איז, פּערעס איז קיין מענטש נישט, אַ שטילער יונגערמאַן. ס'וועט טאַקע איר זיין גוט ביי אים, פאַרוואָס זאָלן מענטשן צעשטערן אַן אייגן קינד דאָס לעבן... מען דאַרף נאָך זיי פּאָרן קיין קרוז דעל עכע און די קינדער ברענגען. כאַסינטאַ וועט ענדיקן אויף דענטיסטעקע און מאַקסימאָ וועט זיין טעכ־ניקער, וועלן זיי טאַקע לעבן גליקלעך. בעסער ווי גרוזמאַנס ראָסאַ, וואָס האָט גענומען אַ רייכן קוענטעניק און מ'זאָגט, ער זשאַלעוועט איר אַ סענט...

האָט דאָן כאָסע מיטאָמאָל אויפגעלעבט און געטראַכט, אַז ערשט איצט זעט ער ווער זיינע אמתע פריינט זענען און שטאַרק חרטה געקריגן פאַרוואָס ער האָט געשטימט קעגן גרינשטיינס קאַנדידאַטור אויף פּרע־זידענט אין „באַנקאָ מוטואָ".

אויפן צווייטן טאָג האָט דאָן כאָסע אַ בילעט געקויפט צום קליי־נעם צוגל וואָס שניידט דורך די קאָרדאָבער בערג. דרייט דאָס זיך יוי אַ שלענגל צווישן ביידע זייטן בערגישע ווענט, זיך וואַקלענדיק רעכטס און לינקס ווי ס'זאָל זיך פּרווון מיט איין פאַס אויף דער ליניע גיין. יעדעס מאָל ווען ער האָט אַרויסגעשטעקט זיין קאָפּ זענען די הויכע משופּע ריזן ווי צונויפגעשלאָסן געווען און גערעכט האָט זיך, אַז אָט אָט און דאָס צוגל וועט שטיין בלייבן: נישטאָ ווּהין ווייטער פאָרן. דאָ און דאָרט בויכן זיך אויף די בערג ראַנטשעס עלנטע, פון שטיינער גרויע צונויפגעלייגטע. אָט ווי אַזוי די פיר ווענט זענען צוזאַמענגע־שטעלט: פאַר איין וואַנט איז באַרג אַריינגערעכנט, פאַר דער צווייטער דער חלל פאַר אַ טיר, און צוויי ווענט מזומנע, צוויי מזומנע פון שטיין אויף שטיין אָנגעשפּאַרט.

כאָסע האָט געוווּסט דאָס לעבן פון די ראַנטשע-איינוווינער; זייער באַלעבאַטישקייט — אַ באָמביזשע מיט אַ מאַטעניצע. וואַסער גיט

דער נאָנטער קוואַל, און באַרג גיט גראָזן פאַר זשערבאַ. איז אים מיינ־אַמאָל שווער געוואָרן אויפן הארצן, וואָרום דאָס גאַנצע פינצטערנייש האָט זיך אים ווי אַ שטיין אַרויפגעלייגט און דערמאָנט האָט ער זיך ווי זיין טאַטע, זיידע און עלטער־זיידע האָבן יאָרן זיך שטיל אין פאַדוואָלאָ־טשיסק אָפּגעלעבט, האָבן נחת אין קינדער דערלעבט און זיין איידעם וועט זיין מאַקסימאָ פּערעס, אַ געמישטער זון פון שפּאַנקעס מיט אינ דיאָס...

און דאָס ריטשקעלע האָט זיך געגאָרגלט און געבולבעלט, לויפנדיק געשווינד אונטן אין טיפן אָפּגרונט. שטילבערג האָט דערפילט ווי זיינע נירן האָבן זיך אים ווידער צושפּילט און זיינע לענדן ציען ווי פון אָפּ־צווענגעס געדרייטע. האָט ער מיט ביידע הענט הינטן אַרום זיי צוגע־האַלטן און שטיל געקרעכצט...

קרוז דעל עכע ליגט ביי דער צווייטער זייט בערג צופוסנס אויף אַ געל זאַמדיקער פלאַכקייט, נאָר ווייזן ווייזט אויס, אַז די שטומע ריזן־מצבות פון די אינקאַ־צייטן לייגן זייערע דורותדיקע סודות אויף איר זייט, נישט אויף דער זייט פון קאָרדאָבאַ. עפּעס אויף אַלץ ליגט דאָ אַ חתימה פון אַלטערטימלעכע שאָטנס, און אַ פּנים האָט דאָס שטעטעלע מיט זיינע גרויסע באַן־ווערקשטאַטן ווי פאַרשיקט פאַר גרויסע זינד אהער אין שטילער אייביקייט.

שטולבערג איז צוגעגאַנגען צום ערשטן וויכילאַנט (פּאָליציימאַן) און געפרעגט ווו געפינט זיך דער האָטעל „ניי־איטאַליאַ". דער שוואַרצער נידעריקער אָרדענונגס־היטער האָט אויסגעצויגן די וואָנצעס, גרויסע אויסגעשטאַרטע, גלייך ווי ער זאָל דעם קאָמיסאַר אַ „ביטערע" (אַ מאַטע) דערלאַנגען און דינסטלעך אויסגעשאָסן: „דער איינציקער האָטעל, ה' רעכטס, דער צווייטער קוואַרטאַל" און ווידער זיך אָנגעשפּאַרט אין דער וואַנט פון עק גאַס, כאַפּן אַ דרימל.

דער באַלעבאָס פון האָטעל, אַ געזונטער סידליאַנער, מיט זיין היי־מישן אַקצענט, האָט אים צוגעפירט צום יונגן פּאָר פאָלק.

דאָס האַרץ האָט צו שטאַרק געקלאַפּט און אים פאַרשלאָגן דעם אָטעם. ר'האָט אָנגעקלאַפּט אין טיר און וואַרטנדיק געהערט דעם טיק־טאַק פון זיין האַרץ.

כאַכינטאַ האָט געעפנט די טיר, אַ קוויטש געגעבן און אים אויפן

האלדז אַרויפגעפאַלן. מאַקסימאָ איז געבליבן שטיין פאַרטומלט מיט די פאַרקאַטשעטע אַרבל ביי גיסן טייג.

סעניאָר שטולבערג האָט באַטראַכט זיין טאָכטער און זיך געוווּנדערט. נישט געווען שוין זיין קליינינקע קינדעריש קלוגע כאַסינטאַ; פאַר אים איז געשטאַנען אַ פרוי אין פולן זינען פון וואָרט. אין אירע פּוילע, צאַרט געפּעסטעטע באַוועגונגען פון אַ פרוי אין האָניק־חודש, האָט זי אויסגעזען פריילעך, וווילזינגעריש, ווי איינע וואָס איז צופרידן פון דעם וואָס ס׳האָט פּאַסירט. ער האָט באַלד פאַרגעסן אין דער מרה שחורה פון וועג און אויפגעלעבט.

דאָס פּאָרל האָט זיך צערטלעך געלאַסטשעט צו אים, וועלנדיק אים איינטונקען אין זייער פּערזענלעכן גליק. פּערעס האָט אפילו איר געזאָגט: „טייערע כאַסינטעלע", אין יידיש.

דער פּלאַן איז געמאַכט געוואָרן אויף גיך: מען פאָרט צוריק קיין קאָרדאָבאַ און דאָרט וועט מען זען איינאָרדענען. און אין דעם זעלבן צוג זענען זיי אַלע געפאָרן צוריק.

פאַרגליווערט זענען אַפּנים געוואָרן די ערדישע ברוסטן אין לויטערער הויכקייט, אין צייט פון שטאַרקן אָטעם־צוג, און פאַרריסענע זענען זיי געבליבן מיט אַ טיפן ריטשקע־שפּאַלט.

קאָרדאָבער בערג! וויפיל פּראַכט ליגט אין אייערע מאַיעסטעטיש אויסגעגלייכטע רוקנס!

די ערד איז דאָך גלאַט באַשאַפן געוואָרן און דער גאָט קאָ האָט זי פאַר אַ שפּילכל זיין יונגסטן זון געגעבן. דער מעזיניק האָט זי געקנאָטן, געקנאָטן און דערפון זענען הויכע בערג און טיפע טאָלן געוואָרן.

די זון האָט נאָך אינדערפרי זיך געראַנגלט מיט די אָפּגעריסענע געדיכטע שטיקער כמאַרע, וועלנדיק מיט גוואַלד אַ וועג זיך אַדורכשלאָגן. אָט האָט זי אַ שטופּ אַרויס געטון איר קאָפּ, באַוויזן בלייכע עטלעכע שטראַלן, האָבן אָנגעיאָגט נייע שטיקער כמאַרע און אַ סוף, נישטאָ קיין זון!

האָט זי, די זון, פאַר געקרייזלטע אַלטע באַקאַנטע, די בערג, זיך פאַרשעמט און אַ „וואַרט אויס" געזאָגט, „וואָרט אויס" און צעריסן אַף פּיצלעך האָט זי די וואָלקנס, געוואָרפן איר ליבע מאַכט אויף רעכטס און לינקס ביז סוף כל סוף איז זי דערשינען אין איר גלאַנציקן נצחון אַ ליכטיקע אויף

א שיינענדיקן הימל. דערויף האָבן שטומע בערג שמייכלען גענומען, שמייכלען גענומען . . .

כאַסינטאַ מיט מאַקסימאַן זענען געשטאַנען צונויפגעטוליעט ביים אָפענעם פענצטער פון קליינעם וואַגאָנדל,ביידע אויסגעטאָקטע פון איין שטיק געגנוס, האָט מען נישט גערעדט נאָר געקוואָלן. האָט כאָסע שטולבערג, אויף זיי קוקנדיק, זיך געמוסרט פאַר זיינע נאַרישע נעכטיקע רעיונות, וועלכע האָבן אים געפייניקט, און זיך געטראַכט אז ער, פּערעס, וועט טאַקע זיין טאָכטער אָפּהיטן, ווי דאָס אויג אין קאָפּ.

דער צוג האָט אַ שטאַרקן פייף געטון און איינגעשלונגען געוואָרן פון גרויסן טונעל, נאָך וועלכן ס'ווייזט זיך צולייגט מיוחסדיק די אַלטע קאָרדאָבע, די קרוינשטאָט פון אַמאָליקע שפּאַנישע וויצע־קעניגן. נאָבן לויפן און פינען פון קליינעם ריטשקעלע, וואָס רייסט זיך מיט אַלע כוחות דורך די נאַקעטע שטיינער וואָס שטייען אים אויפן וועג, רוט עס זיך אַ ביסל אָפּ, דערגרייכנדיק אַ מער גלייכן באָדן, גלייך ווי דערפילנדיק נאָענט די שטאָט וואָלט עס זיך באַמיט אָננעמען אַ סטאַטעטשנעם אויסזען.

דאָס יונגע פּאָר פּאָלק האָט זיך געבאָדן אין גליק. מאַקסימאָ האָט געאַרבעט ביי איינעם פון די גרעסטע דאָקטוירים אַלס ציין־טעכניקער און כאַסינטאַ האָט ווייטער געלערנט. אַזוי זענען אַוועק עטלעכע מאָנאַטן, וועל־כע האָבן ביים יונגן פּאָרל אויסגעוויזן, ווי אַ שטיק לעבן אויסגעשניטן און מיט בלומען באַצירט.

זענען דען אָבער וועגן אויף ווייט דורך אונדזער ווילן אויסגעצויגן? טרייסלט דען נישט די האַנט מיט פינגער אומבאַמערקטע מיטן „זיין" אויף ליניעס אומבאַשטימטע? האָט דאָך דאָס לעבן, ווי דער „עמיץ" זאָל אונדז אין בעדער טונקען, אין אַלערליי בעדער, אָנגעכאַפּט אַ וועזן אַזוינעם ביי דער טשופּרינע און אים אַ קאַלטע באָד פון יאוש און פאַרצווייפלונג גע־געבן, באַלד אַרויסגעצויגן און אין אַ גליק־באָד אים אַריינגעוואָרפן.

איז אַמאָל כאַסינטאַ געגאַנגען פון שטודיום אַהיים, פריילעך גע־פלוידערט מיט אירע חברטעס, וועלכע פלעגן זי רופן סעניאָראַ, כאָטש זי פלעגט זיך קינדעריש בייזערן, האָט זי דערזען זייער שטוב אַ באַלאַגערטע פון מענטשן. צולויפנדיק נענטער, האָט מען איר דערציילט, אַז מאַקסימאָ ליגט אָן באַוווּסטזיין: די קאָכמאַשינקע האָט ביי זיין אַרבעט אויפגעריסן און אים באַגאָסן מיט ברענענדיקן בענזין. זי איז אַריין אין שטוב און פאַר־

שטיינערט געבליבן: מענטשן האָבן זיך געפּאַרעט אַרום אַ קערפּער, פון וועלכן ס'האָט זיך שטאַרק געפילט געבראָטנס, דאָס פּנים איז געווען ער־טערווייז שוואַרץ, ערטערווייז אויפגעלאָפן, וואַקס־געל און די אויגן אינ־גאַנצן אויסגעברענט.

זי איז געשטאַנען און נישט געוווּסט, וואָס ס'טוט זיך דאָ, נישט געוווּסט, אַז מאַקסימאָ איז אויסגעגאַנגען נאָך איידער די אַסיסטענס־אַ (גיבע הילף) איז געקומען. זי האָט נאָר געפילט, אַז אינעווייניק האָט איר שטאַרק געדרייט, ווי מיט אָפּצווענגעס. איר האָט זיך געדאַכט, אַז אַ סך, אַ סך שוואַרצע באַשעפענישן רייסן זיך אַרום איר מאַקסימאָן, צופּן אים און רייצן זיך מיט איר.

ווען אין צוויי טעג אַרום איז זי געקומען צו זיך און בּיסלעכווייז זיך דערמאָנט, וואָס ס'איז געשען און האָט געוואָלט אָנהויבן שרייען, — שרייען אַזוי, אַז מען זאָל איר אומקערן איר געליבטן, האָט זי געפילט, אַז אַ מידקייט באַפאַלט זי און פאַרשליסט איר מיט גוואַלד די ליפּן.

שווער איז געווען כאַסינטאַ זאָל געזונט ווערן פון איר שטאַרקן בלוט-פאַרלוסט, נישט קוקנדיק, וואָס דער אַלט־געוואָרענער קראַנקער שטולבעריג האָט טויזנטער געוואָרפן, דאָך, האָט דער אַלבאַוווּסטער פּראָפעסאָר זי גע־לונגען אָפּערירט און געראַטעוועט.

ביסלעכווייז האָט איר געזונטער אָרגאַניזם גובר געווען דעם בלוט-פאַרלוסט און זי איז ווידער צו די כוחות געקומען.

מאַקסימאָ, מאַקסימאָ! אַ פאַרשטעלטן שונאס האַנט האָט ביי איר אים אויסגעכאַפּט, נישט פאַרגינענדיק איר דאָס גליק. האָט זי אויף זיך גאָלע שוואַרץ אַרויפגעצויגן, מיט אַ שוואַרצן וואַל איר שיין בלייכלעך פּנים באַדעקט. דאָס האָט זי זיך אינגאַנצן פון מענטשן אָפּגעטיילט און אינערלעך געלעבט נאָר מיט אים, מיט איר טייערן. דאָס לערנען נישט געענדיקט, צום עקזאַמען נישט געקומען און געשוויגן. רעדן פלעגט זי נאָר צו זיך אַליין, אַזוי גלאַט מיט די ליפּן געשעפּטשעט.

ווי אַ שאָטן פלעגט זי אַלע פאַרנאַכט די קאָרדאָבער געסלעך איינע אַליין דורכשניידן, אַראָפּ, אַראָפּ צום טייך, וואָס טיילט אָפּ די שטאָט פון אַ פאָרשטעטל. פלעגט אויף אַ לײדיקער ווינקל-באַנק אין נישט־באַזוכטן פּאַרק זיך זעצן. זעלבסטמאָרד־פּאַרק רופט מען אים, וואָרום אַלע פון לעבן אַרויסגעוואָרפענע און איבעריקע; אַלע, וועמענס לעבנס-וועגן זענען אין

קרומע ליניעס אָנגעצייכנט געוואָרן, פלעגן דאָרט פאַרענדיקן און אָפּהאַקן מיט דעם באַשעפעניש, וועלכעס האָט זיך אַזוי נאָענט אָנגעקערט מיט זייער איך. אַ פאַרוואָרפענער איז ער געווען דער פאַרק, פון דער צווייטער זייט ריטשקע, וועלכע טיילט אָפּ שטאָט פון פאָרשטעטל, נאָר אַ בעטלער, ווען ער פלעגט זיין איבעריקייט אין די צענטראַלע פלאַסעס פילן, אָדער אַזוי אַן איינזאַמער נפש, וואָס האָט ניט געוווּסט, ווו דעם „זיך" אַהינטון, — דאָס זענען געווען זיינע שיטערע באַזוכער און אַהין פלעגט זיך פאַרקלייבן כאַסינטאַ אַלע פאַרנאַכט, רעדן צו זיך אַליין פון מאַקסימאָן, שעהנווייז איז זי דאָרט געזעסן אומבאַוועגלעך, אָפּטמאָל איינגאַנצן אויפגעהערט צו דענקען, געזעסן און אַפּאַטיש געקוקט, געקוקט אָן אַ ציל, אָן געדאַנק. די מיידלעך, וועלכע אַרבעטן אין הייזלעך, פריילעכע, אויסגעשטעלטע אין אַ שורה לענגאויס ריטשקע־גאַס, פלעגן זי זען טאָג-טעגלעך דורכגיין, טאָג־טעגלעך אַ סודותפולע, טרויעריקע, אין שוואַרצן פון קאָפּ ביז פיס איינ־געהילט, זענען זיי נייגעריק געוואָרן און פון שוועלן אויגן געוואָרפן: ווער איז זי, די שוואַרצע כלה? אַזוי האָט זי שוין געהייסן ביי זיי — די שוואַרצע כלה, ביז ס'איז זיי נמאס געוואָרן דער עסק און זיי האָבן זיך באַגנוגנט מיט אַ פּאָר שאַרפע אויסדריקן אויף איר חשבון.

איינמאָל איז זי געקומען אין פאַרק און, ווי איר שטייגער, געלאָזט זיך צו איר באַנק און געטראָפן זיצן איינעם דעם קאָפּ אין די דלאָניעס אָנגעשפאַרט, אָנגעלענט אין פאָרענטשע. האָט זי זיך אַ גאַנצן פאַרנאַכט אומגעדרייט, קיין אָרט זיך נישט געפונען. איר האָט זיך געדאַכט, אַז נאָר דורך יענער באַנק קען זי אַזוי קלאָר תמיד זען און רעדן מיט אים, מיט מאַקסימאָן, אַז זי, די באַנק, איז שוין געוואָרן אַ שותפטע צו איר צער. האָט כאַסינטאַ זיך געדרייט הין און צוריק, קוקנדיק אַלעמאָל מיט אינער־לעכן ווייטיק אויף דעם, וואָס מיטן קאָפּ אָנגעשפאַרט, וואָס האָט איר רו צעשטערט. איזאָלירט פון שטאָט מיט מענטשן, האָט דער פאַרק אויס־געוויזן, ווי אַ ווינקל אַ פאַרשאָלטנס מיט בוימער און בלומען באַפּוצט און מיט קנאָפּן ליכט באַלויכטן און נאָך האָט ער אויסגעוויזן, גלייך די הויכע, עלנטע עקאַליפּטן־בוימער באַדויערן אָט די צוויי מאָדנע ברואים, וועלכע זענען מיט שטאָט און געפילדער אין קריג און דערום צו זיי געקו־מען.

אַ קיל דרום-ווינטל האָט געבלאָזן נאָכן הייסן טאָג און די ברייטע,

געדיכטע בלעטער-קעפּ האָבן געשמועסט, ווער ווייסט וואָס? אפשר פון דעם, אַז אדרבא, גלייך טוען די מענטשן, וואָס קומען נישט מיט זייער הו־האַ מיט זייערע שטינקענדיקע גיכלויפערס. זאָל ער, דער יחסן, וואָס ליגט אויפן באַרג, מיט זיינע געפּלאַסטערטע אַלייען, האָבן דאָס גליק... אפשר פון נשמות עלנטע, וועלכע האָבן די לעצטע וידוים זיי אויפן טויט־שוועל אָנפאַרטרויט? אפשר גאָר האָבן זיי השערות געמאַכט פון צוויי פאַרשווינען, איינע אין שוואַרצן איינגעהילט, וואָס דרייט זיך הין און צוריק, שעפּטשענדיק שטיל מיט די ליפּן און דער צווייטער — דעם קאָפּ אין פאָרענטשע אָנגעשפּאַרט? ווער קאָן וויסן, וואָס ביימער רעדן, אַרומגערינגלט מיט שטאָטישן רעש און מיט א שורה פריילעכע שטעטלעך לענג־אוים ריטשקע־גאַס?

אויפן צווייטן טאָג האָט כאַסינטאַ ווידער אים געטראָפן זיצן אויף איר באַנק אין דער זעלבער פּאָזע, גלייך ער זאָל נאָך פון נעכטן בלייבן אַזוי פאַרגליווערט אין מחשבות אָדער אַפּאַטיע. אין דער ערשטער מינוט האָט כאַסינטאַ א שטאַרקן חשק געהאַט אים בעטן, מיט כעס פון אים פאָדערן: ווייניק פּלעצער פאַראַן אין פּאַרק? פאַרוואָס זאָל ער שטערן איר הייליקע האַרמאָניע צווישן איר און מאַקסימאָן?... באַלד אָבער איז זי געקומען צו זיך. וואָס־זשע, איר מורא פאַר אַראָפּ פון זינען ווערט מקוים? איז זי שוין נישט פּסיכיש קראַנק, פילנדיק די מאַניע צו זיצן נאָר אויף דער באַנק? אפשר איז זיין נשמה איינגעקלעמט אין צער אומפאַרמיידלעכן און ער קומט ביי זיין עלנט אַ ביסל אורלויב אויסבעטלען? און דערמאָנט האָט זי זיך, אַז הייסן הייסט ער זעלבסטמאָרד-פּאַרק. מעגלעך, ער טראַכט איצט, אַז גיך וועט ביי אים אין מח ווערן גאָרנישט. אַזוי זיצט ער, פאָרשטעלנדיק זיך ווי אַזוי ער וועט טון דאָס און דאָס קליינינקייט און פּלוצים אויס... פּונקט ווי מאַקסימאָ איז אויס. נאָר וואָס גייט איר אָן אַ פרעמדער יונגערמאַן מיט האַלב־פאַרמאַכטע, גרויסע ברעמען, ווי דרעמלענדיק? — — —

האָט זיך דאָס שווייגעניש אַריינגעכאַפּט צו דאָן כאָסע שטולבערג אין הויז און אַלעס איז געטון געוואָרן דאָרט אויף שטום-לשון. זענען די אויגן ביי דאָניאַ כואַנאַן געוואָרן אינגאַנצן רויטע, ווי מיט קוילפייער געשמירטע, פון פיל וויינען, און דאָס בייכל ביי כאָסע איז אַראָפּ. מער ניט, דאָס פּנים מיט די פּיס פלעגן אָפּט געשוואָלן ווערן פון דער נירן־קרענק, אָדער גאָר פון דעם, וואָס זיין בת-יחידה גייט אין שוואַרצן און רעדט צו זיך אַליין.

ליידיקער און ליידיקער איז דאָס מעבל־געשעפט געוואָרן. פלעגט אַ יונג פּאָר־פאָלק דורכגיין, זיך אַ בעט אָדער אַ שאַפע קויפן, האָבן זיי זײַנע אויס־געלאָשענע, פאַרצערטע אויגן באַגעגנט. איז ער געזעסן, דאָן כאָסע, און זיך אפילו קיין ריר ניט געטון. האָט דאָס פּאָר־פאָלק אַרײַנגעקוקט פאַרוווּנ־דערט און ווייטער געגאַנגען. און דאָן כאָסע האָט אַלע מאָל אַ מציאה די קלענערע קרעמער פאַרקויפט און אַ וועקסל געצאָלט.

און אין שטוב האָט מען געשוויגן. פלעגט דאָניאַ כואַנאַ אַלע פרימאָרגן מיט שטילע טריט אַרײַנקומען אין מועבלעריאַ און זיך ישובן: יאָ זאָגן איִם ער זאָל טרינקען אָדער ניט זאָגן? איז זי געשטאַנען, געשטאַנען ביז כאָסע פלעגט זי באַמערקן און אַליין אין צימער אַרײַנגיין. מיט אַ צייט פלעגט זי אין דער טאָכטערס חדר אָנקלאַפּן און יענע, אַ שווייגנדיקע און שוואַרצע, איז געגאַנגען מיטיקן. עסט אָפּ, אַ וואָרט ניט אַרויסגערעדט און ווידער צו זיך אין צימער.

איינמאָל איז די מוטער שטיל צו איר אין צימער אַרײַן, זי אַרומגענו־מען אַזוי, אַז כאַסינטאַ האָט פון שרעק זיך אַ וואָרף געגעבן: מאַמאַ!

— היכאַ מיאַ, היכאַ מיאַ! — האָט די אַלטע אַרויסגערעדט, איר גע־וואָלט זאָגן, אַז אַ מוטער־האַרץ פילט, פילט די ליידן פון אַ בת־יחידה, אַז אַ שטראָף איז אויף איר שטוב געקומען, אַ חורבן אַ פּלוצימדיקער, האָט זיך איר צונג אין די שווערע שפּאַנישע ווערטער פאַרפּלאָנטערט, האָט זי נאָר געמורמלט: היכאַ מיאַ, היכאַ מיאַ! און כאַסינטאַ האָט געשוויגן. זי וועט ניט וויינען. דעם אומבאַוווּסטן עפּעס, וועלכער האָט אַזוי פּלוצלינג מאַקסימאָן אַרויסגעריסן, צולהכעיס, וועט זי ניט וויינען און דאָס שוויי־גענדיש האָט זיך נאָך פעסטער איינגעקלעמט ביי שטולבערגס פאַמיליע.

באַקאַנטע און גוטע פריינט פלעגן צוגאַסטקומען, געוואָלט עפּעס זאָגן, טרייסטן, און אַנטשוויגן געוואָרן. און אַוועקגייענדיק, געשאָקלט מיט די קעפּ: יאָ, יאָ, אַ קללה אויף אַ פאַמיליע אויסגעגאָסן געוואָרן און אַלץ, ווייל מען פעסטעט אַ בת־יחידה... און אַלטע, עובר בטלדיקע שול־מיוחסים, וועמענס רייכטום איז פאַרשטעלט מיט אַ מיאוסן שלייער פון פאַרגעסנ־קייט, פלעגן צווישן זיך שבת פאַרנאַכט איבערשמועסן: אַ מצוה, ניט גע־זאָלט חתונה האָבן פאַר אַ שייגעץ...

די צוויי אָפּטע באַזוכער פון פּאַרק זענען אַזוי צוגעוווינט געוואָרן איינער צום אַנדערן, אַז אויב כאַסינטאַ פלעגט אַמאָל קומען און דעם פרעמדן

ניט טרעפן, האָט זי נערוועז געשפּאַנט צווישן די בוימער. ניט זי האָט געוווּסט ווער ער איז, ניט זי האָט געוואָלט וויסן, נאָר גלאַט אַזוי פּיל! אַז ניט ווייט זיצט אויף אַ וועזן אַן אומגליקלעכס, זיצט אויך אַ מענטש וועלכער זוכט אַ קילונג אין צוזאַמענגוס פון זיין נשמה מיט בוימער־שטילקייט, האָט זי פיל באַרואיקט און געטרייסט.

צייטנווייז פלעגט זי זיך פרעגן: וואָס גייט איר אָן דער מענטש? וועט זי דען דורך אים מאַקסימאָן זען?

איז זי אַמאָל דורכגעגאַנגען האַרט לעבן אים און אין פּנים אַריינגעקוקט און זי האָט קלאָר געליינט; ווי נאָר מענטשלעכע פּנים־מוסקולן זענען אימשטאַנד האָט זיין צורה אַ קוואַל פון אומדערטרעגלעכע ליידן אויסגעדריקט, און געדאַכט האָט זיך אַז דאָס טוט דער מענטש זיך אָן אַ כח אָפּשעפּן מיט זיין געזיכט אַביסל אינערלעכן צער, וואָס דריקט און איבערפולט זיין נשמה.

ביי וועמען איז דער אוצר פון רחמנות, מיט וועלכן מענטשן באַרימען זיך? ווער פאַרמאָגט געפילן פון צערטלעכקייט אַלס מיטלייד? — פרויען?

אָבער וואָס גייט אָן כאַסינטאַן אַ פרעמדער מיטן קאָפּ אין פּאַרענטעסע אָנגעשפּאַרט? וועט זי דען דורך אים מאַקסימאָן זען?

און ניט געוווּסט האָט דער פרעמדער, אַז די שיינקייט אין שוואַרצן, וועלכע שפּאַצירט טאָג־טעגלעך, שעפּטשענדיק ווי אַ תפילה, גלייך זי זאָל זיך אין מאָנאַסטיר קלייבן, שפירט אים נאָך ווי אַ שאָטן זיין קומען און אוועקגיין.

פון וואַנען זאָל ער וויסן? ער, וועלכער איז צו־שפּאָט אויף טריט און שריט, וועמענס ליידן דינען אָפּט פאַר אַ שיינעם חוזק־מיטל! ער, וועלכער בוקט זיך טאָג-טעגלעך פאַר מאַריאַס פאַרשמאַלצעוועטע און טאַטע־מאַמעשי טעכטערלעך קערן פאָרזיכטיק אַוועק די פּנימלעך, דער רוסאָ זאָל זיי מיט זיין נמאסן בליק ניט פאַרשמוצן, אים שפירט נאָך די שיינקייט אין שוואַרצן איינגעהילט! פון וואַנען זאָל ער וויסן!

דאָך איז אים גוט אין אַרגענטינע. פאַראַן אַ גאַס אַזאַ, האַרט לעבן דער ריטשקע, וואָס טיילט אָפּ די שטאָט פון פאָרשטאָט, אַ גאַס אַזאַ, וועלכע ליגט צווישן צוויי הויכקייטן מיט וווינונגען אָנגעדריכטעוועטע. לענגאויס דער גאַס עפענען זיך אַלע נאָכמיטיק שטיבלעך פריילעכע מיט קאָלירנדיקע

לעמפּלעך באַצירטע. אָנשטענדיקע מענטשן פוןביידע הויכקייטן שפּייען רעדנדיק פון זיי.

און דאָך איז דאָרט אַזוי פּראָסט, אַזוי איינפאַך: שעהנווייז זיצט מען מיט דער יונגער גראַציעזער איטאַליע און רעדט מיט איר. מען רעדט פון וואָס ס'קומט אויף דער צונג, היימיש, אינטים. איר פּנים, אַזוי יונג, לויטער, קינדעריש אַזוי, זאָרגלאָז, פריילעך. שמייכלט איטאַליע, אַזוי צוגיסט זיך אַ שמייכל איבערן צוויטנס נשמה, אפילו ביי דעם וואָס האָט זיין גאַנץ לעבן געבענקט ניט ווייסנדיק נאָך וואָס. צושמייכלט זיך איטאַליע מיט אירע שוואַרצע סמאָלע־אויגן, מיט שפּיצעדיקן חן־בערדעלע, אַזוי בויגט מען ניט ווילנדיק אָן דעם קאָפּ צו אירע ראָזעווע געפּאַרבטע ליפּן און מען גיט אַ קוש. און זי, איטאַליע, מאַכט ניט קיין אָנגעשטעלט ברוגז־מינע, גלייך מען האָט זי אומגליקלעך געמאַכט, זי ווערט ניט כלומרשט אין כעס, אדרבא, זי צועפנט נאָך מער די גרויסע אויגן, גיט אַ פאַרשייטן טרייסל מיט דער מעלענאַ האַלב געקרייזלטער און פּרעסט צוריק זיך איין מיטן שמאָלן מיידעלע. דאָס איז איטאַליע, אַ פריילעך מיידל, און אַזוי איז גראַציעז איר קערפּער.

און אַ קול האָט זי ווי דער סאָלאָוויי אין אוקראַאינישע אויסגעשטערנטע נעכט, מעלאַנכאָליש־קלינגענדיק אויסגעמישטע איטאַליענער ווייכקייט מיט גאַוטשישן קלאָגן זיך אין גרויסער עלנטער פּאַמפּאַ. זינגט זי צושמייכלענדיק מיט דעם לענגלעכן שיינעם פּנים מיט צוויי גריבלעך ביים שמאָלן מיילעכל צועפנטן:

„אַז די מאַמע וועט דיר זאָגן,
אַז די מאַמע וועט דיר זאָגן,
שליס צו די טיר,
שליס צו די טיר,
גיב אַ קלונג מיט די שליסל,
גיב אַ קלונג מיט די שליסל,
און קום אַרויס צו מיר".

און ווען איטאַליע האָט פאַר אים איר קערפּער באַוויזן, האָט ער געזען, אַז איר לייב איז באַדעקט מיט געלע גרויסע פלעקן, אַז אירע ברוסטן הענגען נאָך ווי צוויי אַלטע טאָרבעס פון אַ בעטלער, אַז זי איז

אינגאַנצן אַ שטיק אייז, אַ שטיק פאַרדונגען אייז פאַר מענטשלעכע תּאוות. ערשט דאַמאָלס פלעגט ער פילן ווי עמעצער דריקט זיין מח מיט פויסטן שטאַרקע. פלעגט ער זיצן אין זעלבסטמאָרד־פּאַרק שעהנווייז, אָפּשעפּן אביסל פונעם ווייי וואָס האָט אים געדריקט דורך בוימישער שטילקייט.

שטייען די דריי איינציקייטן, דאָס פרייַלעכע זיסע פּנים, דאָס טרויע־ריקע זינגען אירס און דאָס צובייַלטע צוקראָכענע לייב אירס פאַר זיין געדאַנק און דערמאָנען אים זיין אייביקן באַגער נאָך אַ צערטלעכן פרויען־קוק, אין דעם עלנט וואָס האָט אים נאָך ניט נאָכגעלאָזט אויף אַ טריט. אָט דערפאַר דריקט אוים זיין געזיכט אַזויפיל צער מיט דער גאַנצער באַ־וועגלעכקייט פון מענטשלעכע מוסקולן.

ער איז אַ פּאָעט געוואָרן.

טאָג און נאַכט פלעגט ער אויפבינדן און צובינדן זיינע און פרעמדע ווּנדן, אַזוי אַז זיי זענען קיינמאָל ניט פאַרהיילט געוואָרן. מיט זיין גע־דאַנק פלעגט ער שמידן פון די ווּנדן אויסגעטאָקטע לידער מיט אייגן בלוט געפאַרבטע.

איז׳ר דאָך טאַקע אַ פּאָעט געוועזן.

און אַז אַ זונטיק־נומער „דאָס קול" האָט מיט גרויסע אותיות אויפן ערשטן פּלאַץ געדרוקט זיינס אַ ליד, און אַז מענטשן פלעגן גאַפּן: ווער איז ער, דער וואָס שרייבט אַזוי רירנד אונטערן נאָמען „געפאַלענער", פלעגט ער אַרומגיין און טראַכטן ביי זיך: אוודאי, איך בין דער געפאַ־לענער, איר אַלע זענט געהויבענע, טייערע, אמתע... אַזוי פלעגט ער באמת טראַכטן.

האָבן זיינע קאָלעגן גאַסן־קלאַפּער איינער פונעם צווייטן זיך דער־ווּסט, אַז פּיקהאָלצס קלאַפּער, דער גרינער וואָס שווייגט תמיד ווען מען באַגעגנט אים מיטן פּעקל, דערציילט אפילו קיינמאָל נישט וויפל קליענטן ר׳האָט געמאַכט, ליגט איבער דאָרט אין די הייזלעך נמאסע. האָט סעניאַר פּיקהאָלץ זיך דערמאָנט, אַז ס׳פעלט אים אַמאָל אַ שטיקל סחורה, מסתמא גיט ער עס דער מאַטראָנע זיינער. איז אַ קול אַרוים אַזאַ, אַ פּאָטשטש פון לידיקגייערס צוטראָגן, אַז דער און דער, אַ מיאוסער, גרינער, תמיד אָנ־געבלאָזענער, רעדט אַ וואָרט מיט קיינעם נישט אוים, איז גאָר אַ טמא, אַן אויסנוצער פון אַ ווייסער שקלאַפין. האָט מען אים אין געזעלשאַפט גע־וויכט און מיט שטעכיקע אויגן אומעטום באַגעגנט.

אָבער וואָס גייט אים אָן ווי מענטשן קוקן אויף אים?

דאַניאַ כואַנאַ האָט באַמערקט איר טאָכטער פון אַ שטיקל צייט אַ מער אויפגעלעבטע, זי גיט שוין אַמאָל אַפילו אַ שמייכל גאַנץ פרי, זיך אויפכאַפנדיק. שטייענדיק אין מועבלעריאַ, ווען דער גרוי-גרויער קראַנקער כאָסע שטילבערג האָט זיין סיעסטאַ געמאַכט, פלעגט זי אַ טרער אויסווישן און טראַכטן, אַז אפשר וועט שוין די קללה פון איר פאַמיליע אַראָפּגענומען ווערן, אפשר וועט שוין איר טאָכטער דעם אמתן זיווג אַמאָל קריגן.

בסוד האָט זי געבעטן די סעניאָריטאַס גרינפעלד: „קינדער, איר מוזט אויספּירן, כאַסינטאַ זאָל גיין אויף דער „וועלאַדאַ" (פאַרוויילונגס-אָוונט) וואָס די ביבליאָטעק פון קאַזשע קאָלאָן אָרדנט איין מיט אַ באַילע. זיינען זיי, די סעניאָריטאַס, געקומען צוגאַסט צו כאַסינטאַן און דערציילט, אַז די יונגע בלומפעלד האָט חתונה געהאַט פאַר וואַלעריטאַן דעם ריאָכאַנער פון אָדאָנטאָלאָגיע, אַז די פעלצמאַכער איז ווידער פאַרבליבן אויפן דריטן קורס און אַז די גאַנצע וועלט גרייט זיך אויף דער וועלאַדאַ מיט אַ באַילע פון דער ביבליאָטעק „כּוּוּענטוד איזראַעליטאַ", דענקען זיי אַז כאַסינטאַ זאָל מיטגיין, אַלע פאָרן מיט זייער אויטאָ צום סאַלאָן. אויב כאַסינטאַ ט'ניט וועלן טאַנצן, אָבער די פאַרשטעלונג מעג זי זען. פול איז געווען דער סאַלאָן „מאַקס נאָרדוי", אין איינעם פון קאָרדאָבער אונטערגעסלעך און מען איז געקומען נאָך און נאָך, יונגט און עלטערע.

כאַסינטאַ האָט זיך געפילט עלנט און אומגעדולדיק, באַטראַכט דעם געפּאַקטן עולם, וועלכער האָט גערעדט אויף אַ קול. האָט איר בליק געבלאָנדזשעט פון באַנק צו באַנק מיט גלייכגילטיקער אַפּאַטיע און אויף איינעם מיט אַן אויסגעצויגן מויל און לאַנגן געניץ זיך אָפּגעשטעלט.

ס'איז ער, דער פרעמדער, דער נישט באַקאַנטער שותף אירער אין ליידן און איינזאַמקייט דאָרט אין פּאַרק אין עלנטן. ער האָט געטראָגן אַ עלעגאַנטן בלויען אַנצוג מיט אַ ווייסער רויז אין לאַץ, מיט די בלעטלעך אַראָפּ, וואָס אין בלומען-שפּראַך הייסט עס „איך זוך".

טשע, מאַריאַ, ווער זאָל זיין יענער יונגערמאַן אין בלויען דאָרט ביי דער טיר מיט דער ווייסער רויז אין לאַץ?

און מאַריאַ פעלצמאַכער, צופרידן וואָס כאַסינטאַ רעדט כאָטש אַ וואָרט, האָט באַלד געפרעגט ביי איר באַקאַנטער סעניאָריטאַ גיטלין, אַ

קאָכלעפל וואָס קען די גאַנצע וועלט, ווער איז דער ביי דער טיר וואָס גענוצט?

נאָר כאַסינטאַ האָט נישט געגלויבט, איז מעגלעך?... דער מענטש אויף וועמען זי האָט רחמנות געקריגן, דער, וועלכער האַלט דעם קאָפּ אויף פאָרענטשע אָנגעשפּאַרט שעהנווייז, וועלכער בייסט מיט די ציין טיף זיינע ליפּן איין, גלייך ער זאָל אפּנים מיטן קערפּערלעכן ווייטיק שטילן אַ טי-פערן, אַן אינערלעכן, — איז גאָר אַ רופיאַן? ס'איז אוממעגלעך!

און ער, וועלכער איז געזעסן אויך דאָ אַ פרעמדער און געגענעצט, געזען ווי באַלעבאַטישע שיינע טעכטערלעך פאַרקערעווען די געכאָליעטע פּנימלעך, ווען זיין בליק פאַלט אויף זיי נייגעריק, גלייך ווי ר'זאָל זיי מיט זיין בליק באַשמוצן, האָט באַמערקט ווי די שיינקייט אין שוואַרצן, די וועלכע ער האָט פאַר אַ קריסטין געכרענט, אַ קריסטין אַ האַלבע מאָנאַש-קע, אַ הייליקע וואָס שעפּטשעט אַ תפילה אין דער שטיל, איז אויך דאָ און קוקט אויף אים, גלייך זי זאָל זיך וווּנדערן און עפּעס אים פרעגן: ווען, און עס איז אים ענג געוואָרן צווישן הור־האַ פריילעכן, פון פרעמדע מיילער דער גערודער, און ס'האָט זיך אים געדאַכט, אַז אַ בלעטעלע איז ער, אַ בלעטעלע אַ דאַרס אין אַ גרויסן בוימער־וואַלד. איז אים נמאס געוואָרן די פאָרשטעלונג פון קליינשטעטלדיקע ליבהאָבער, מיט זייערע נאַרישע העוויות און נאָך מער איז אים נמאס געוואָרן דאָס פּובליקום, וואָס האָט היים אַפּלאָדירט די וווּלגאַרע טראַגעדיע שיטער און שטרויענע ראַנטשעס אויף דער בינע, האָט ער אַ גרעסערן געגעץ געטון און דעם זאַל פאַרלאָזט, שמייענדיק איבער קאָרדאָבער הינטערגעסלעך אין דער שיינער זומער־נאַכט.

אַזוי איז ער געשטאַנען איבער אַ בריק און געקוקט ווי די שטערן שפּיגלען זיך שאָקלענדיק אין טייכל און געפילט האָט ער אַז אויך זיין נשמה באַהעפט זיך מיטן באַוועגלעכן וואַסערל פון ריטשקע, אַז אויך זיין מוח שאָקלט זיך און שאָקלט זיך ביים אָפּשפּיגלען די וועלט, אים פירנדיק פון איין אומרו צום צווייטן. ס'איז ביי אים געווען איינער פון די מאָמענטן, ווען ער פילט אַ שנאה צו זיין „איך", וועלכער ווייסט נישט פון רו. אַ שנאה צום נערוועזן גייסט פון אומצופרידנקייט אָן אַ סיבה, אָן אַ פאַרוואָס. דאַמאָלט וואָלט ער אויף גיך געלאָפן זיך באַהאַלטן פון דער טיטוס-פליג, וואָס טאָטשעט און טאָטשעט. דאַמאָלס וואָלט ער אָנגענומען

דעם אײגענעם קאָפּ מיט בײדע הענט און אים געגעבן אַ שמיץ צו דער ערד. צו אַלדע שוואַרצע יאָר, וואָסערע רוחות ווילסטו פון מיר?!

און נישט באמערקט האָט ער ווי אַ שײנער אויטאָ האָט צוקומענדיק צו דער בריק זיך אָפּגעשטעלט און פון אים האָבן אַרויסגעקוקט צווײ בלויע אויגן פון אַ בלאָנדינער, אַ שײנקײט אין שוואַרצן, און נישט באַמערקט האָט ער, גײענדיק מיט גיכע טריט צו דער רײ שטיבלעך באַלויכטענע מיט קאָלירנדיקע לעמפּלעך, אַז דער אויטאָ האָט לאַנגזאַם פּאַרקערעוועט, אים פון ווײטנס נאָכפאָרנדיק טריט בײ טריט.

ווער איז ער דער אומבאַוווּסטער וועלכער זינגט אַזוינע לידער פול מיט בענקעניש? ווער איז ער וואָס רופט אַרויס מיט דעם כּוח פון זײן גײסט טרערן בײ מענטשן זײנע ווערק לײענענדיק?

„געפּאַלענער" אָט אַזוי רופט ער זיך אויף די שפּאַלטן פון „דאָס קול" ווו זײנע לידער דרוקן זיך און אין וועלכע ער פּעסטעט זיך שפּילנדיק מיט שײנקײט פון סטיל.

„געפּאַלענער" און אַרויסרעדנדיק דאָס וואָרט, נעמט אַרום אַ וואַרעמקײט, אַ רחמנות צו דעם אומבאַקאַנטן וועלכער לײדט, בלוטיקט שוין פּאַר יעדן. ווו איז ער, דער וועמענס נשמה איז אַזוי רײן, פון יסורים געלײטערט, וואָס רופט זיך געפּאַלענער איבער דער נידעריקײט פון זײנע מיטמענטשן? ווו איז ער? קײנער האָט נישט געוווּסט און די רעדאַקציע „דאָס קול" איז מיט בריוו פאַרוואַרפן געוואָרן זי זאָל מודיע זײן דעם נאָמען און אָרט פון נײעם שטערן־פּאָעט, וועלכער האָט אַזוי פּלוצים אויפגעשײנט אויף דער אַרגענטינער ײדישער ליטעראַטור. און אויך דאָרט האָט מען נישט געוווּסט און אויף אַלע פראַגן געגעבן אַן ענטפער: מיר װײסן נאָר אַז ער וווינט אין קאָרדאָבאַ, גאַס 22 אָקטובער, וואָרום פון דאָרט קומען זײנע ווערק געשיקט, אויך אַהין שיקט מען אים זײן האָנאָראַר.

און ער פּלעגט זיצן אין אַ שטיבל אויף ריטשקע־גאַס לעבן איטאַליאַן, איר אין די אויגן קוקן, שלינגענדיק איר זאַרגלאָזן געלעכטער וואָס באַחנט איר פּנים מיט צווײ גריבעלעך בײם מויל פאַרמירטע.

זי איז דאָך די ערשטע פרוי, וועלכע האָט פאַר אים פרײ אירע אָרעמס געעפנט און מיט אַ קלינגענדיקן געלעכטער אַ קוש געגעבן!

מענטשן בײכיקע, מענטשן אויסגעפּוצטע און אויך שכורע קומען

אַפּ און אויף. נעמען אויף אַ ווילע איטאַליען און אין אַ באַזונדער צימער אַוועק און זי קומט ווידער צו אים אַרויס אַ שיינענדיקע, אַ פריילעכע... זאָל ער נישט בייסן מיט די ציין די אונטערשטע ליפּ בכדי מיט קערפּער־לעכן ווייטיק שטילן אַ צווייטן, אַ טיפערן? צייטנווייז זאָגט זי צו אים: טשע רוביאַ: האָסט אַ פּנים ווי דער מלאך המות, נאָר כ'ליב דיך מחמת דו טראָגסט אַ סוד אין זיך, טראָגסט אַ סוד אין דיינע אויגן, תמיד פייכ־טע... אָדער: טייערינקער, טו אָן אַ מאַסקע אויף דיין גרוילעכער צורה, נאָר דיינע גרויסע שיינע אויגן זאָלן אָפּירקוקן, וועל איך דיר זיך נאָכ־שלעפּן, זיך באָדן אין זיי . . .

דאַמאָלס פילט ער ווי זיין נשמה שרייט גוואַלד. זי איז אין קייטן געשמידט און שרייט גוואַלד מיט זיי קלינגענדיק. דערפאַר ווען ס'פלעגן אים אָנקומען עטלעכע פּעזעס, וועלכע דער רעדאַקטאָר פון „דאָס קול" האָט געשיקט איינמאָל אין אַ יובל, פלעגט ער מיט דעם געלט גלייך צו איטאַליען קומען. „נעם, טייערע, עס איז דיין געלט, פון קוואַלן וועלכע דו האָסט דערוועקט. און זי האָט שעלמיש געשמייכלט, אים איינגעפּרעסט אַ קוש־געלעכטער. „ביזט אַ יאָלד, מיין טייערער"...

האָט מען אָנגעהויבן נישטערן אין קאָרדאָבאַ, ווער קען זיין דער פּאָעט, ווען מען קריטיקער לויבן, לויבן זיין ווייך־תפילהדיקן סטיל ווי פון תפיסה און געווירע איז מען געוואָרן, אַז ס'איז נישט אַן אַנדערער ווי דער שווייגנדיקער גרינער, סעניאָר פּיקהאָלצס סלאַפּער, וועלכער איז אַ גאַנצער שמעלקע אין יענע הייזלעך. האָט די קולטור קאָמיסיאָן פון ביבליאָטעק אַן עקסטרע זיצונג געהאַט און באַשלאָסן שיקן צו אים, צום פרעמדן דיכטער, דעם פּרעזידענט בכבודו, ר'זאָל מיט אים איבעררעדן, זאָל ער פאַרלאָזן זיינע באַציאונגען מיט יענע הייזלעך, ווען מען אים מאַכן אַ בענעפיס, וועט מען אים אַ שטעלע אויסזוכן.

האָט ער געבלאָנדזשעט, דער פּרעזידענט, דער רוח ווייסט ווו אין אויסרייסעניש, ביז סוף כל סוף אים געטראָפן אין זיין בחורישן צימער. איז דער פּאָל פון זיין צימער געווען באַדעקט מיט צייטונגען געלייענט, שמאַטעס און אַלטוואַרג. איז אויפן דריי־פיסיקן טישל געווען אָנגעשטעלט ביכער, גלעזער און לאַנגע שטיקער פּאַפּיר פאַרשריבענע. האָט ער גע־רעדט, דער פּרעזידענט, פאַר דעם פאַרטראַכטן גרינעם, אַז די ביבליאָטעק וועט זיך פילן גליקלעך ווען דער באַוווּסטער דיכטער וועט נעמען אַן

אָנטײל אין איר אַנטװיקלונג, אַז מסתמא װעט מען זיך באַמיען אױך מאַ־טעריעל אים פֿאַרזאָרגן. נאָר יאָ, עפּעס מורמלט מען אױף אים, זאָל ער פֿאַרלאָזן זײַנע באַזוכן אַהין אין יענע מקומות.

ער האָט אַפֿילו נישט געענדיקט, דער בכבודיקער פּרעזידענט, װאָרום דער פּאָעט, מ׳שטײנס געזאָגט, װעלכער האָט די גאַנצע צײַט געשװיגן, איז בײַ די לעצטע װערטער נישט געװאָרן, איבערלאָזנדיק אים אַלײן מיטן ברודיקן פּאָל און אָנגעװאָרפֿן טישל.

האָט סעניאָר אײדעלבױם זיך געטראַכט: אַ משונה פֿאָלק אָט די שרײַבערס, רעדט מען צו זײ װי מענטשן, שװײַגן זײ, אָדער גאָר לאָזן איבער אינמיטן און װערן נעלם. דאָך האָט ער זיך אַ קלאַפּ אין שטערן נעגעבן פֿון אַ שײנער אידײע, װאָס איז אים אױפֿן געדאַנק געקומען, און כאַפּנדיק דעם טראַמװײ, איז ער אַװעק גלײַך צו דער אַלמנה שטולבערג, װעמענס מאַן איז ערשט מיט אַ מאָנאַט צוריק געשטאָרבן פֿון נירן־קרענק, אָדער פֿון די צרות, װעלכע ער איז אױסגעשטאַנען פֿון זײַן טאָכטער די בת יחידה.

דאָניאַ כואַנאַ האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ אױף סעניאָר אײדעלבױמס פֿאָרשלאָג זי זאָל צונעמען אַ מענטשן צום געשעפֿט. זי, די טאָכטער אַר־בעט זיך איר פֿאַך בײַ צײַן־מאַכן און װיל אַפֿילו אין געשעפֿט נישט קוקן, מוז מען טאַקע האָבן אַ געטרײַען מענטשן, ר׳זאָל אַ ביסל מאַכן אָרדע־נונג, װאָרום ער, זאָל האָבן דעם ליכטיקן גן-עדן, האָט די לעצטע צײַט געפֿירט אױף הפקר. האָט זי טאַקע באַלד אַרײַנגערופֿן כאַסינטאַן אַן עצה פֿרעגן. װער איז ער, דער װעמען סעניאָר אײדלבױם לײגט פֿאָר? האָט דערצײלט דער פּרעזידענט פֿון ביבליאָטעק, דער זײער באַליבטער סעניאָר אײדלבױם, אַז אַ גרינער איז ער, װױנט אין קאָרדאָבאַ שױן אַ פּאָר יאָר, פֿלעגט מיט קײנעם אַ װאָרט נישט אױסרײדן, גײ װײס אַז דאָס איז דער באַװוּסטער שרײַבער, װעלכן די בלעטער לױבן אָן אױפֿהער. פּאַסט דאָך נישט פֿאַר אונדז אַז אַזאַ גרױסער מאַן זאָל זײַן בײַם גראָבן נפֿש פּיקהאָלץ אַ קלאַפּער. אָט פֿאַרװאָס ס׳װאָלט גלײַך געװען ער זאָל בײַ אײַך, סעניאָראַ, די שטעלע אָננעמען. מען פֿלעגט אַפֿילו אױף אים רעדן מיאוסע זאַכן, אַז ער האָט אַ שײַכות מיט יענע לײַט, די טמאים, נאָר ס׳איז אַ ליגן. גלײַכער שױן אַ פֿריער דערצײלן, מען זאָל נאָכדעם קײן רכילות נישט טראָגן, מען האָט געענוג נאָכגעקוקט... מער נישט אַן עלנטער איז ער װי אַ שטײן, אָן

אַ גואל, אָן אַ פּרײַנט, פּלעגט ער גײן אין פּרײַלעכע הײזער פֿאַרברענגען.
משונה ברואים די שרײַבער. זײַט טאַקע צו אים אַ ביסל צוגעלאָזט, פֿאָרט
נישט אַבי װער . . .

האָט זיך דאַניאַ כּואַנאַ געטראַכט: װאָס טױג איר אַ צרה אױף איר
קאָפּ? אַ מענטש אַ שרײַבער גאָר, און אַ שײַכות מיט „יענע". װער װײסט
װאָס אַזאַ שלימזל קען מאַכן פֿונעם געשעפֿט? האָט זי שױן געװאָלט
אָפּפֿראַנקען סעניאָר אײדלבױמען פֿאַר זײַן געטרײשאַפֿט, אים אָבער זאָגן
ער זאָל איר בעסער אָפּזוכן עפּעס אַ ליטישן, נישט אַזױנעם װאָס שרײַבט
אין גאַזעטן און דערצו נאָך אַ חשד אױף אים. האָט אָבער כּאַסינטאַ
אומדערװאַרט פֿאַרכאַפּט און געבעטן סעניאָר אײדלבױמען אומבאַדינגט
קומען מאָרגן נאָכמיטיק מיט דעם יונגנמאַן זיך באַקענען. זי האָט פֿאַר־
שטאַנען, ס'איז ער, דער פֿרעמדער, װעלכער האָט כּמעט איר פֿאַרגעסן
געמאַכט איר הײליקן מאַקסימאָן.

זי װײסט נישט װאָס פּילט זי צו אים, דעם מיט די פּײַכטע אױגן?
זי ליבט אים נישט! זי װײסט שױן װאָס אַזױנס הײסט ליבעס־געפֿילן.
געװען אַ צײַט, װען זי פּלעגט װי משוגע אַרומכאַפּן פּלוצים איר חברטע
אין מיטן קלאַס און זי קושן און קושן, אָדער גאָר זיך פּלוצים צולאָזן
װי אַ קינד אין פֿרײלעכן טאַנץ. װער איז געװען די קראַפֿט, װעלכע האָט
געבראַװיזט אין איר װעזן, װעלכע האָט פֿאַרנומען מיט אױסערגעװײנלעכער
פֿרײד אַלע װינקלען פֿון איר עקזיסטענץ? דאָס איז געװען די ליבע צום
קלוגן שײנעם מאַקסימאָן. איצט? נײן, זי ליבט אים נישט דעם שװײַגנ־
דיקן, װעלכער דאַרף מאָרגן קומען מיט סעניאָר אײדלבױם. עפּעס אַ
רחמנות פּילט זי צו אים, װעלכער בײַסט די אונטערשטע ליפּ ביז בלוט.
נײן, נישט קײן רחמנות צו אים, נאָר אַ רחמנות צו זיך אַלײן דערװעקט
ער אין איר, אַ שרעקלעכן װידערװילן צו דעם גאַנצן כאַאָס װאָס הײסט
לעבן, צום טאַנץ װאָס לעבעדיקע ברואים פֿירן אונטער אַן אומבאַקאַנטער
האַנט. ס'איז נישט קײן ליבע!

עפּעס אַ מאָדנע בענקעניש האָט איר אָנגעשטעקט דער מיט די פּײַכ־
טע גרױסע אױגן!

אָפּטמאָל חידושט זי זיך: גאָר קײנמאָל נישט באַמערקט די פֿראַגע:
װער זענען מיר? זי איז דאָך אַ װעלט אַ גאַנצע. נאָך גרעסער, מער פֿון
אַ װעלט. װי גרױס די זון זאָל נישט זײַן, האָט זי נישט קײן באַװוסטזײַן

און זי, כאַסינטאַ, — יאָ. ווו-זשע איז געווען, אָדער ווו האָט געדרעמלט דער כוח פאַר איר זיין? און נאָכדעם? גאָט? פאַרענטפערט דען די נאַרישע תשובה, מיינט עס דען נישט נאָך אַ טיפערן פּלאָנטער? אַ כוח אַזאַ, אַן איינאונאיינציקער, וועלכער האָט מיט זיין ווילן די אַלוועלט צום זיין אַרויסגעבראַכט.

טאָ ווי היבט זיך אָן זיין סיבה, דעם גאָטס? אויב אונדזער מוח קען קיין אומענדלעכעס נישט משיג זיין, ווי בכלל קאָנען מיר באַגרייפן אַ גאָט? פון וואַנען זשע ווייסן מיר זיין עקזיסטענץ? אָט אַזוינע געדאַנקען האָבן געשטורעמט כאַסינטאַן די לעצטע צייט און דאַמאָלס וואָלט זי צוגעפאַלן צום פאַרטראַכטן מיטבאַזוכער אין פאַרק פאַרוואָרפענעם און פון זיין מרה שחורה זיך אָן ענטפער אַרויסגעקושט.

האָט כאַסינטאַ אומגעדולדיק געוואַרט אויף דעם באַזוך און גע־טראַכט אַז איר לעבן טרעט אַריין אין אַ נייער תקופה, אַ תקופה פון קאַמף מיט צוויי ווידערשפּרעכלעכע נאַטורן פון איין און זעלבן שורש.

און דווקא דער שרייבער, דער שלימזל, ווי דאָניאַ כואַנאַ האָט מירא געהאַט, איז געוואָרן אַ טיכטיקער סוחר.

אויפן פרעסטיזש פון קאַסאַ שטולבערג און זיין נאָמען פון פינקט-לעכן צאָלן האָט ער ווידער אָנגעפילט דאָס מעבל־געשעפט, וועלכעס איז פאַרנאַכלעסיקט געוואָרן, האָט ער מיט די קוּנטעניקעס און קוּנטעניק־לעך אָפּגעמאַכט וועגן קליענטן שיקן צו אים און גוטע באַדינגונגען זיי פאָרגעלייגט. פלעגט ער שטיין און טענהן מיט אַ גראָביונגערישן קוּנטע-ניק אַז אַזוינע קאָנדיציעס וועט ער ניט קריגן און יענער האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ: אַוודאי, אַוודאי, ווי דען? וואָס־זשע ס'איז דאָך טאַקע דער שרייבער אַליין ,וועלכער שרייבט לידער זיסע און איז באַקאַנט איבער אַ וועלט, וועט ער זיך ניט אים קעגנערדן, מסתמא פאַרשטייט שוין גוט אָט דער פּאָעט, און דאָניאַ כואַנאַ האָט אָנגעקוואָלן: אויף קיין שלעכט אָרט זאָל סעניאָר איידלבוים נישט שטיין. דער מענטש האָט אונדז געראַטעוועט און די טאָכטער האָט זי געגעבן זיין מיט אים אַביסל צוגעלאָזטער, פאָרט אַ מענטש אַ שרייבער, ניט אַבי ווער.

פלעגט זיך כאַסינטאַ טראַכטן, אַז עס איז איבעריק דאָס בעטן. זי וואָלט מיט פאַרגעניגן אים בייביידע הענט אָנגענומען, אין די אויגן פייכטע אַריינגעקוקט און געזאָגט: טייערער, גיסט אַריין אַביסל ליבעס־

פרייד אין אייער בליק. שוין־זשע איז אין לעבן ניט פאַראַן קיין איין טראָפּן גליק, ס׳זאָל מילדער מאַכן דעם גרויל פון מוז? זי וואָלט אים געבעטן: זאָגט אייער נאָמען, טייערער! הייסט מאַקסימאָ, מאַקסימאָ הייסטו! און כדאי וועט זיין אַ טאַנץ אינמיטן גאַס זיך לאָזן פון פרייד. זי האָט זיך באַמיט אויסצודריקן ווייכקייט אין אירע רייד צו אים: זאָל אַ וואַרעמע אינטימקייט זיין עלנטע נשמה פילן!

און ער האָט זיך באַצויגן מיט אומצוטרוי צו דער שיינער בלאָנדער, וועלכע קוקט צו אים אַזוי ליבלעך. מיט אומצוטרוי צו איר? ניין, מיט אומצוטרוי צו זיין לעבן, צו דער קרומער ליניע פון זיין גאַנג. אָ, ער ווייסט שוין דעם סוף פון אַלע זיינע ליבעס, ער איז דאָך אינגאַנצן איין בענקעניש נאָך אַ פרויען־גלעט!... יעדנפאַלס אַזוי דאַכט זיך אים: ווען ער זאָל נאָר קריגן אַ שיינקייט צו וועמענס ברוסט ער זאָל צופאַלן און וויינען!... און ס׳איז פאַראַן אויף וואָס צו וויינען, ס׳האָט זיך גענוג אָנגעקליבן אויף דער נשמה. ער וואָלט געוויינט אויפן אומרעכט מענטשלעכן וואָס ס׳הערשט אומעטום, ער וואָלט געוויינט אויף דער נישטיקייט פון דער עקזיסטענץ, אויף דער שרעקלעכער מורא פאַרן טויט וואָס מאַכט אָפט ציטערן זיין גאַנץ וועזן.

ס׳איז פאַראַן אויף וואָס צו וויינען.

פרויען אָבער לאַכן פון אים. ער ווייסט שוין דעם סוף פון זיינע ליבעס. האָט ער דערפאַר זיך באַצויגן מיט אומצוטרוי צו כאַסינטאַס צערטלעכקייט.

פאַראַן איין שיינקייט, וועלכע דולדעט אים — איטאַליע הייסט זי. דאָרט אין די שטיבלעך מיט לעמפּעלעך קאָלירנדיקע, און זי חוזקט נישט פון אים, נאָר הערט אים מיט אירע גרויסע אויגן, הערט זיין שווייגנדיק; אומעט און פילט זיין באַדייטונג. וואָרום פון באַלעבאַטישער ליבע האָט זי אַ פּרנסה געמאַכט, פאַרקויפט מיט מאָס און וואָג: נאָך אַ שעה ליבע — נאָך געלט. און קנייפּן, קנייפּט מען זי בשעת מעשה, און זידלען זידלט מען זי פון תאווה, נו איז איר הייליק אַ מענטש אַזאַ, אַ שווייגנדיקער, וועלכער רעדט מיט די אויגן דאָס וואָס זי פילט שוין צייטן לאַנג.

און דער כערענטע פון קאַסאַ שטולבערג איז געוואָרן אַ טיכטיקער געשעפטסמאַן. איז אים אויסגעקומען פאָרן קיין בוענאָס איירעס, אונ־טערהאַנדלען מיט אַ מעבל־פאַבריק. דערווייל איז די רעדאַקציע פון „דאָס

קול" געוואָר געוואָרן און צופויקט וועגן אַ קבלת־פּנים דעם נייעם פּאָעט „געתּאַלענער", וועלכער האָט מיט זיין קונסט דאָס יידישע אַרגענטינער וואָרט דערהויבן. איז געשאַפן געוואָרן אַן אויפנאַמס־קאָמיטעט פון אָר־טיקע ליטעראַטן און קולטורעלע אינסטיטוציעס, וועלכע האָבן זיך אָנ־געשלאָסן. געקענט פּערזענלעך האָט אים קיינער ניט, איז די דעלעגאַציע דעם טאָג פון זיין קומען אַרומגעגאַנגען אויף דער פּלאַטפאָרמע, געקוקט יעדן אָפּשטייגנדיקן פּאַסאַזשיר אין פּנים, וועלנדיק דערקענען דורך אַ פאָטאָגראַפיע דעם געהויבענעם גאַסט. איז ער נאָך דעם לעצטן אָוונט געשטאַנען פאַר אַ פול געפּאַקטן סאַלאָן, אַ דריי טויזנט קעפּיקער עולם, פאָרגעשטעלט פון אַן אָרטיקן ליטעראַט, געשטאַנען און געוווּסט אַז ער מוז עפּעס זאָגן דעם עולם וואָס האַלט אין איין שרייען: געפּאַלענער — דעם נאָמען! האָט ער אָבער דערפילט צו דער פילקעפּיקער מאַסע אַן עקל, אַן עקל פון נשמה־טיפקייט. ס'איז זי, די זעלבע מאַסע, וועלכע האָט נאָר ליב פּאָמפּע און געטער אויסגעשריגענע, ס'איז זי וואָס זוכט אַ רייטער, ער זאָל זיך איר אויפן רוקן אַרויפזעצן, ס'איז זי וועלכע טרעט אַ דערני־דעריקטע בבדי צו דערהויבן אַנדערע. און געוואָלט האָט ער זיי אין פּנים אַ געשריי טון: פאַלשע! פּוסט איז אייער ליאַרעם און פּוסט אייער התלהבות. און דאָ האָט מען געשריגן, געקלאַפּט בראַוואָ: געפּאַלענער — דעם נאָמען! האָט ער פאַרשטאַנען אַז זאָגן מוז ער עפּעס אַנדערש, גאָר אַנדערש וואָס ער פילט און זיך פאַרפּלאָנטערט אין אייגענע געדאַנקען. איז ער געשטאַנען און געשוויגן ביז דער אָרטיקער ליטעראַט וועלכער האָט אים פאָרגעשטעלט האָט אים פאַרן פּובליקום פאַרענטפערט, אַז דער פּאָעט איז גערירט פון אַזאַ הייסן קבלת־פּנים און פון איבעראַשונג רעדן ניט געקאָנט. האָבן נאָכדעם די ליטעראַטן צווישן זיך אָפּגעמאַכט אַז אַ גאָר־נישט איז ער, דער נייער, שטייט ווי אַ מעלקנדיקע קו, אַ וואָרט זאָל ער עס זאָגן! משטיינס געזאָגט, פון וועמען מען מאַכט דאָס אַ צימעס!

„דאָס קול" האָט פון זיין כבוד וועגן אַרויסגעלאָזט אַן עקסטרע נומער, אַן עקסטרע אויסגאַבע מיט זיינע לידער און אַרטיקלען פון אויס־לענדישע קריטיקער. „געפּאַלענער — שרייבט איינער — האָט פאַרן יידישן לעזער געעפנט מיט זיין כשוף־שליסל פאַרבאָרגענע היכלות, ביז איצט אַ קדשי־קדשים נאָך ניט באַרירט אין זיינע לידער, פילט מען אַ סינטעז פון ראַבינדראַנאַט טאַגאָרען מיט אַרציבאַשעוון, אַ סינטעז פון העכסטן

פּעסימיזם, אַנטדעקונג פון נישטיקייט און כּאַטישקייט פון אונדזער עקזיס־טענץ, מיטן ווייכן צערטלעכן ליריזם, זיך פּיעסטענדיק פאַר דער אומבאַ־גרייפלעכקייט". „זיין נשמה—שרייבט ער—ווײנט מיט זומער־ראָסע־טרערן פאַרן ניט משיג זיין די אַלוועלט. ס׳יידישע ליד מאי קא משמע לן האָט ביי „געפּאַלענער" געפונען א ווערטער־אויסדרוק, ווען פריער איז׳ס געווען אַ שטומע נגינה". „געפאַלענער — האָט אַ צווייטער געשריבן — האָט דער־הויבן מיט זיין זיסן לירישן סטיל די יידישע ליטעראַטור אין אַרגענטינע צו דער מדרגה פון אַ חשובער שוועסטער צווישן אַנדערע לענדער. ביז אים האָט געהערשט דאָרט אַ סטיללאָזיקייט, אַ כּאַאָס פון ניט קלאָרע שטרעבונגען".

און כּאַסינטאַ האָט געלייענט אין „לאַ נאַסיאָן" וועגן דעם גרויסן יידישן דיכטער, וועלכער איז געקומען צו־גאַסט פון קאָרדאָבאַ און דעם קבלת־פּנים וואָס מען האָט אים געמאַכט, האָט זי דערפילט אַז זי בענקט שטאַרק נאָך אים און מורא באַקומען אַז דאָס שטומע פייגעלע מיט פייכטע אויגן זאָל ניט אַוועקפליען פון איר. דאַמאָלס וואָס וואָלט איר געבליבן? ניטאָ מאַקסימאָ, און ער, דער שוויגנדיקער אָן אַ נאָמען, נאָך וועמען עס נאָגט דאָס האַרץ, וועט אויך אַנטרינען ווערן, בלייבט איין זאַך: זי ווייסט שוין וואָס איר בלייבט צו טון. זי וועט מאַקסימאָן נאָכגיין.

גרויס איז געווען איר פרייד, דערהאַלטנדיק אַ טעלעגראַמע פון ביע־נאָס איירעס: מאָרגן קום איך, כּערענטע.

זי האָט געטראַכט מיט וואָסערע מיטלען זי זאָל אים אַרויכווייזן אירע געפילן, און באַשלאָסן: גאָר פּשוט, זי וועט אים דערציילן, גליק האָט זי געהאַט, אַ צווייטע האַלבע נשמה אירע, האָט אים דער טויט אַוועקגעריסן, אַן אומגליק האָט אים אין העלן טאָג אויסגעכאַפּט. איצט פאַרנעמט ער זיין אָרט, ער איינער בלייבט איר. זאָל ער זאָגן, אפשר ליבט ער זי, מעג זיין אַפילו סימפּאַטיע צו איר.

איז ער אָבער פון בוענאָס איירעס געקומען נאָך אַ מער פינצטערער, דאָס דאַרע פּנים נאָך געלער, גלייך ער זאָל ערשט פון אַ לאַנגער תפיסה אַרויס.

איז ער געזעסן אַ האַלבע שעה דעם זעלבן אָוונט, דערציילט פון די גוטע געשעפטן, פון גוטן קאָנטראַקט געשלאָסענעם מיט דער יידישער האָלץ־פאַבריקאַנטן־קאָאָפּעראַטיווע, אויף גיך זיך געזעגנט און אַוועק.

איז זי אין אַ קאַטש אַ געדונגענעם אים נאָכגעפאָרן, טריט בײַ טריט, אין די הינטערגעסלעך, און באַמערקט ווי ער איז אײַנגעשלונגען געוואָרן אין אײנעם פון די שטיבלעך לעבן גאָלדענעם פרײַלעכן געסל. האָט זי ניט פאַר־שטאַנען: ער, דער פּאָעט און לײַדנדיקער, וואָס טוט ער אין יענע ערטער, ווו נאָר אויסוואָרפן האָבן זייער נעסט?

דאָס איז ער צו זײַן איטאַליע געגאַנגען. דאָרט געפינט ער זיך פרײַ, אינטים, דערציילט איר פון רעש גרויסשטעטישן אָדער גאָר זיצט און שווײַגט, וואָרום אַזוי איז אים אָנגענעם; איז פאַראַן וואָס צו רעדן, רעדט מען, אַז ניט פאַרשטייט מען זיך אויפן קוק. באַפאַלט אַמאָל אײנער פון די מיידלעך אַ שמחה און כאַפּט אַ טענצל מיט װעמען, ווערן די איבעריקע „שוועסטער" מיטגעכאַפּט פון דער פרייד. פּאַקט מען װעמען פון די מענער אויסגעשטעלטע בײַ די וואַנט און רויכערן, און עס גייט אַוועק אַ דרייע־ניש, אויסגעמישט מיט געלעכטער, ווייסט שוין איטאַליע, אַז סימאַנען דאַרף זי נישט מיטשלעפּן אין די פלוצימדיקע הוליאַנקעס, וואָרום אַ טרויעריקער איז ער, באַוויזט קיינמאָל ניט קיין שמייכל אויף זײַנע ליפּן...

האָט ער אַזוי געקוקט אויף אַלץ דעם אָוונט און געפּרעגט זיך מיט נײַגעריקייט אַ פּראַגע אַן אײַנגעקשנטע: וואָס מיינט די בלאָנדע שײנ־קייט, די אַלמנה יונגע, וועלכע ער פלעגט אַמאָל אין פּאַרק טרעפן אַ תפילה שעפּטשען, וואָס מיינט זי קוקנדיק צו אים אַזוי מיט הכנעה? און דער־מאָנט האָט ער זיך אין קאַפּריזן פרוואַישע איבער אים אויסגעפירט. ניט אײנמאָל פלעגט אים דאַכטן, אַז ער האָט געפונען אַ האַרץ, וואָס שטרעבט צו אים, און ער פלעגט בלייבן אָפּגעחוזקט. מסתמא איז עס ניט מער ווי אַ קאַפּריז אַ פּרוואַישער, אַ מאָמענטאַלע קוריאָזיטעט, וואָס וועט גיכער פאַרשווינדן ווי געבוירן געוואָרן. באַשלאָסן האָט ער, זיך באַציען שטרענג צו דער יונגער אַלמנה פּערעס.

און אַז כאַסינטאַ האָט באַמערקט, ווי ניט ער קוקט אפילו אין איר זײַט, דער כערענטע זייערער, דער פּאָעט וואָס שמט איבער קאָרדאָבאַ און מענטשן גיבן אים כבוד אָפּ, האָט זי פאַרשטאַנען, אַז ער לייגט אויף איר קיין אַכט ניט. און באמת, קען ער זיך אינטערעסירן מיט אַ פרוי, אַן אומבאַוווּסטע, אַ פאַרשטויסענע, וועמענס האַרץ איז מיט מאַקסימאָן אָפּ־געשטאָרבן?

האָט זי אין אַ שײנעם פאַרנאַכט ווידער אַמאָל אַ שפּאַציר אין

זעלבסטמאָרד־פּאַרק געמאַכט און אַהיים קומענדיק די אַלטע קאָכמאַשינקע אפירגענומען. האָט זי אָנגעגאָסן מיט בענזין פול, אָנגעצונדן און פּאָמפּען אָנגעהויבן. שוין פול איז זי געווען מיט גאַז און שווער איז געוואָרן צו פּאָמפּען, אָבער כאַסינטאַ האָט ווייטער געפּאָמפּעט מיט אַלע כוחות, ביז ס'האָט זיך דערהערט אַ קראַך ווי אַ באָמבע זאָל אויפרייסן. דאַמאָלס האָט זי דערפילט ווי שוואַרצע מלאכים האָבן זי געגליט מיט פייער־שפּיזן און ער, מאַקסימאָ, האָט זיך מיט זיי געראַנגלט, געראַנגלט און גובר געווען. האָט זי אויף זיינע פליגל געכאַפּט און זיי זענען לייכט, לייכט געוואָרן.

# געבאָרגטע אויגן

חיים קאַפּלאַנסקי האָט זיך שטאַרק צולאַכט, ער איז געשטאַנען אַליין אין דער פעלד־פינצטערניש און געלאַכט. טאַקע אַ געלעכטער; בייטאָג, ווען דער האָריזאָנט איז באַגרענעצט און אַלעס וואַרפט זיך אין די אויגן מיט באַשטימטע פאָרמען, דעמאָלט פילט זיך דער מענטש מעשה באַלעבאָס, אומעטום זעט זיך זיין האַנט. נו, געוויינטלעך, ווי אַ באַלעבאָס מעג ער זיין אומצופרידן מיט זיך, מיט יענעם; נאָר אריינפאַלנדיק פון דער ־ווישיקער שטאָט אין שטילן דאָרף און שטייענדיק אין פעלד-פינצטערניש, האָט ער דערפילט ווי דער האָריזאָנט ווערט צעשוווּמען און מיט אים אויסגערונען אַלעס און ער בתוכם.

ער האָט דערפילט ווי ר׳איז אַ משונהדיק דריבנע שטויבעלע קעגן ערד־קוגל, וועלכער איז אַליין, אין זיין ריי, אַ גאָרנישט קעגן אומבאַקאַנטן וועלטאַל.

דאַמאָלס האָט ער פאַרשטאַנען, אַז זיין אומצופרידנקייט מיט אַלץ איז גלייך צו נול. האָט ער אָנגענומען אַ פייגעלע צווישן די פינגער און געפרעגט: איך מיט דיר זענען נישט צופרידן, אָ? איך מיט דיר. מיר זענען דאָך ביידע גלייך גאָרנישט... און האָט זיך געקאַטשעט פון געלעכטער: כאַ, כאַ, כאַ! איך אַ שטויבעלע אַ גאָרנישט, בין נישט צופרידן, כאַ, כאַ, כאַ!

ער האָט זיך אָבער באַלד צוריקגעכאַפּט: וואָס־זשע, איז ער שוין טאַקע אויף אַן אמת משוגע?... שטיין אין פעלד און לאַכן צו זיך זעלבסט.

דערשרעקנדיק זיך פאַר דעם געדאַנק, האָט ער זיך מיט גיכע טריט געלאָזט אין פענסיאָן־הויז. באַ, — האָט ער זיך געטראַכט, גייענדיק:

מען מוז איין מאָל פאַר אַלע מאָל מאַכן אַ סדר אין די געדאַנקען. בענק איך נאָך, אָדער ניט?

אוודאי נישט. וואָסער פראַגע? וואָס גייט אים עפּעס אָן אַ פּרוי ראָזענצווייט, מעג זיין אפילו אַ געוועזענע בוים?

— יאָ, אָבער וויפיל פעלט נאָך צום 25־טן — פינף טעג?

וואָסער יום־טוב איז דען דער פינף און צוואַנציקסטער?

ער האָט זיך אַ שטורך געגעבן אין שטערן גייענדיק: ביסט אַ גאַנצער חכם, חיים קאַפּלאַנסקי, דעם 25־טן קומט פאַני ראָזענצווייט — אַהער קיין מאַר דעל פּלאַטאַ, די שיינינקע פּוכלינקע פאַני בוים, וועלכע הייסט שוין ראָזענצווייט.

אין פּענסיאָן „סאַן כענאַראָ" איז מען שוין געזעסן ביי די טישן קייענדיק געשמאַק אַן איטאַליעניש מאכל פון געברענטע ציבעלעס מיט רייז, אייער און דער רוח ווייס וואָס נאָך. דאָס שיינע מיידעלע וועלכע האָט דערלאַנגט האָט אים באַטראַכט ליבלעך מיט אירע שטיפערישע אויגן: נו, סעניאָר, עסן?

— יאָ, עסן, ווי הייסטו, סימפּאַטישע מיידל?

זי האָט זיך צעלאַכט.

— וויפיל מאָל ווילט איר איך זאָל אייך זאָגן, ווי איך הייס, גרינגאַ.

— און איך האָב געמיינט, אַז פאַני הייסטו. גוט, נו, וועלן מיר עסן. זאָג נאָר, גרינגאַ, דו האָסט געבאָרגט דיינע אויגן ביי יענער, אָדער יענע ביי דיר? שעם זיך נישט, זאָג דעם אמת.

— דאָן כאַימע, איר האָט אַ פּנים ווי אַ שיכור און רעדט נישט צו דער זאַך.

חיים קאַפּלאַנסקי האָט נישט געענטפערט. אפשר איז ער טאַקע שיכור. נאָר וועער ווייסט פון וואָס? אָ, פון דעם וואָס דעם 25-טן קומט אַהער קיין מאַר דעל פּלאַטאַ זי. געוויס נישט פון דעם וואָס אַ מיידל וועלכע הייסט גרינגאַ האָט פּונקט אַזעלכע אויגן ווי אַ געוועזענער בוים פון קאַמענקאַ. באמת, וועער זאָל האָבן געבאָרגט ביי וועמען. דאָס איז אַ שטאַרקע פּראָבלעם און מען מוז זי לייזן. יעדנפאַלס ביז דעם 25-סטן, יאָ, ביז ־עם 25-סטן.

פינף טעג.

וויפיל ווערן זיי ביי אים צערונען אָט די טעג! זיי פליען זיך דאָך ווי אַ ווינטער צווישן די מאַריעס און די מאַשינען, צווישן דעם כערענטע און

די רעסיזוּעס. און דאָ מיטאַמאָל פינף טעג! אומעגלעך זיך דערוואַרטן! אַך, וואָלט ער מיט אַ בייטש געכוואַשטשעט איבער דעם וואָס הייסט צייט: פלי גיכער, דו נבלה, אַ פגירה אין דיר, אומעגלעך זיך דערוואַרטן ביי איר פינף טעג...

דאָך איז ער אַ גרויסער שוטה, איציק, ער מיינט אפנים, אַז אים, חיים קאַפּלאַנסקין, אינטערעסירט וואָס נאָך איין זומער-גאַסט קומט קיין מאַר דעל פּלאַטאַ. נאָך וואָס זאָל ער אים האָבן דאָט געשריבן? אַזוי האָט ער אָנגעהויבן די שווערע ציפערן איינס, צוויי, דריי, פיר, פינף.

מען קען נישט זאָגן, אַז ער האָט נישט פאַרבראַכט פרייליך די טעג. גאַנץ פרי קוים אָפּגעפרישטיקט, האָט ער גענומען אַ קליין שיפל, אַוועק-געפאָרן אַ קילאָמעטער פון ברעג, אַוועקגעלייגט די רודערס, זיך אויסגע-צויגן איבערן דעק און גאָר. איז אים געוואָרן שטאַרק הייס פון דער זון, האָט ער אַראָפּגעוואָרפן די קליידער, אַריין אין ים און נאָכדעם ווידער אין שיפל.

אָ, דער ים האָט שוין אַזאַ קראַפט אין זיך, ער לאָזט נישט טראַכטן פון גאָרנישט.

איין זאַך האָט אים געוווּנדערט, פונקט פינף יאָר זינט זי האָט אים געזאָגט: איר נודעט מיך, חיים, פאַרוואָס זאָלט איר נישט אַוועקפאָרן ערגעץ, נישט מיר היטן די נשמה. דאָס האָט זי אים געזאָגט אין קאַמענקע פונקט מיט פינף יאָר צוריק, און איצט, פינף טעג פאַר איר קומען, האָט ער זיך דערוווּסט דערפון.

דאָך איז ער אַ רייכער יאָלד, דער קוענטעניק ראָזענצוויט. ער, חיים קאַפּלאַנסקי, וואָלט שוין נישט געשיקט אַזוינע אויגן אַליין זומערן קיין מאַר דעל פּלאַטאַ...

אָט וואָס ער האָט געטראַכט די פינף טעג, מער פון גאָרנישט. דער ים האָט שוין אַזאַ קראַפט, ער לאָזט נישט טראַכטן.

ענדלעך אויפן פינפטן טאָג, ביים אָוונט-מאָלצייט, האָט אים גרינגאַ געזאָגט: מען פרעגט אויף איך, דאָן כאַימע, אַ דינסט פון האָטעל „מי-ראַמאַר".

ער האָט זיך האַסטיק אויפגעהויבן, איבערקערנדיק דעם טעלער זופּ איבערן טיש, אַזוי אַז פון אַלע זייטן האָט מען אויף אים געקוקט שמייב-לענדיק: אַ צעדרייטער בכלל, אָט דער רוסאָ!

אפנים ער האָט פאַרהערט דאָס וואָרט „דינסט". אין קורצן בריוול

איז געשטאַנען אָט וואָס: „חיים, הײנט פרי בין איך געקומען קײן מאַר־
דעל פּלאַטאַ. איך רעכן אַזוי ווי איר זענט דער אײנציקער באַקאַנטער מײ־
נער דאָ, וועט איר מיר העלפן אַ ביסל פאַרברענגען. מסתמא האָט דאָס
לעבן אײַך פון יענער צײַט געמאַכט פיל פּראַקטישער און ממילא אויך
אַנגענעמער. קומט מאָרגן אין האָטעל „מיראַמאַר". פ א נ י ".

מילא, אַז אַ פרוי פאַני בעט מען זאָל איר העלפן פאַרברענגען, איז
דאָך נישט שײַך. איז ער באַלד געגאַנגען.

— אוף — האָט זי אים געזאָגט, נאָך עטלעכע מינוט, — איר זענט
דער זעלבער אומדערטרעגלעכער ווי אַמאָל, גאָר נישט געביטן. וואָס זיצט
איר און שווײַגט? זאָגט עפּעס. נו, לאָז זײַן כאָטש אַ פּאָר קאָמפּלימענטן.
כ'האָב געלעזן אײערע אַלע דערצײלונגען, ס'שמעקט פון זײ מיט אומעט,
מיט אָפּקלאַנג פון טויט. נו, זײַט כאָטש פרײלעכער אַ ביסל. קומט, וועלן
מיר פאָרן שפּאַצירן אין אַ שיפל, איר האָט עס נישט פײנט, איר געדענקט
אַמאָל אויפן אָזערע?

זײ זענען אַרויס. חיים קאַפּלאַנסקי האָט געפילט ווי אינעווײניק
בײַם האַרץ האָט זיך בײ אים אַ חיהלע צעטאַנצט, צעטאַנצט און צעזונ־
גען. אַ חיהלע, וועלכע ער האָט געהאַלטן געפּענטעט פינף יאָר, האָט זיך
אין אים מיט אַמאָל צעטאַנצט אַזוי, אַז באַלד וועט עס אים אינגאַנצן
באַהערשן.

ערשט אין שיפל, ווען זײַנע מוסקולן האָבן שטאַרק אָנגעצויגענע
געשאַרט די כוואַליעס, האָט ער אַרויסגעלאָזט אַ ווילדן קוויטש.

פאַני האָט זיך צעלאַכט: וואָס זענט איר משוגע? אַזוי ווי אַ חיה,
איר קענט נישט רעדן, קוויטשעט איר. מיט אַמאָל האָט ער אַוועקגעלײגט
די וועסלעס, אַ שאַרפן קוק געטאָן אויף איר און זי אַרומגעכאַפּט קושנדיק
די אויגן.

זי האָט זיך דערשראָקן; אַזוי אומדערוואַרט! נאָר ווערן האָט זי זיך
ניט געקענט. בײַם ערשטן ריר זיך, קערט זיך דאָס שיפל איבער אין ים.
אַנישט וואָלט זי זיך ניט געלאָזט קושן פון אַ פרעמדן, אַפילו פון אַ
באַוווּסטן שרײַבער קאַפּלאַנסקי, וועלכער האָט זיך איר דערקלערט צוריק
מיט פינף יאָר אין קאַמענקאַ. נו יאָ, איר איז כמעט נמאס דער קוענטעניק
מיט זײַנע טשוועקעס. תמיד ווען ער קומט אַהײם, רעדט ער נאָר פון גוטע
און שלעכטע קליענטן: קליענטן „פּראָפּיעטאַריאָס", קליענטן שלעפּערס...

אָבער דאָך, אַזוי ווייט, זיך קושן מיט אַ פרעמדן! נאָר זי איז דען שול-דיק? איין ריר וואָלט זיך דאָס שיפל איבערגעקערט אין ים.

נאָכדעם איז געווען אַביסל אומהיימלעך. קאַפּלאַנסקי האָט זיך גע־פונען ווי אַן אָפּגעשמיסענער, האָט ער ווידער געכאַפּט די רודערס און גערודערט מיט אַלע כוחות. די עלנטע שטיקער כמאַרעס דאָ און דאָרט אויפן הימל, האָבן צעטיילט דעם שטילן ים אויף פּאַסן ליכטיקע און טונ-קעלע. פונעם ברעג האָבן די פייערלעך געשיקט זיגזאַגישע שטראַלן, וועלכע האָבן זיך פילפּאַכיק געבראָכן אין וואַסער ביז אין שיפל וועלכעס איז גע־שוווּמען גיך פון די אויפגעהויבענע און אַראָפּגעלאָזענע רודערס.

האָט פאַני געזען אַז דער שעמעוודיקער מלמד וועט זיך אַליין פון חרפּה שוין ניט קענען אָנקוקן, האָט זי די ערשטע אָנגעהויבן רעדן. נאָך וואָס זאָל זי זיך צוקריגן מיט אים? חוץ דעם איז ער דאָך אַ שרייבער, פּאַרט ניט אַבי ווער.

— זאָגט מיר, חיים, וויפיל שיקט איך „דאָס וואָרט" פאַר אייערע דערציילונגען? ווייסט איר, אייער בעסטע נאָוועלע איז, ווערדליג מיר דאַכט זיך, „די מינוט פון אַנגסט".

ווידער זענען די רודערס געלעגן ווי געפּגרט און חיים קאַפּלאַנסקי האָט זיך איינגעגעסן מיט זיין בליק אין פאַניען.

הייסט עס, זי איז נישט בייז אויף דעם וואָס ס'איז פאָרגעקומען? אפשר גאָר צופרידן דערפון?

אַ, דאָס חיהלע האָט זיך שוין צעטאַנצט און אַ ווילדער קוויטש האָט צעשניטן דעם שטום-לשון רעדעוודיקן ים.

— אי או אַ!

— וואָס איז מיט איך, חיים? אייערע אויגן גלאַנצן ווי ביי אַ גע־רירטן.

— יאָ, כ'בין גערירט פון זינען, פאַני, שוין לאַנג בין איך מיך שוין חושד אין דעם. שוין פינף יאָר.

דאָס חיהלע איז פאַרשטומט געוואָרן און אויף זיין אָרט האָט זיך געעפנט אַ קוואַל פון רחמנות צו זיך אַליין, אַ געפיל פון נעבעך צו אַ לאַנגער צייט ליידן און נישט באַפרידיקטע שטרעבונגען.

— פאַני!

— וואָס זאָגט איר, קאַפּלאַנסקי?

— גאָרנישט, פאַני!

— זייט נישט קיין פּאָעט אָדער משוגענער, דאָס מעגט איר זיין נאָר אין דערציילונגען. מיט מיר רעדט פּשוט. וואָס ווילט איר זאָגן? כאַ-כאַ־כאַ, אַ משוגענער זענט איר, חיים!

— פאַני, לאָזט איבער אייער פּעמפּעקעוואַטן מאַריעניק. פאַני, אַלע פרימאָרגן וועל איך אייך די אויגן אויסקושן. אויב איר גלויבט מיר ניט, אָט שווער איך ביים ים!

— אָ, פאַני ראָזענצוויט איז געטריי איר מאַן!

זי האָט זיך מיטאַמאָל אָנגעכמורעט, כמעט בייז געוואָרן און זיך גע-הייסן פירן צום ברעג. זי האָט טאַקע רעכט געהאַט: קיין באַקאַנטער טאָר נישט רעדן קיין שלעכטס פאַר אַ פרוי אויף איר מאַן, איר ערע פאַרשוועכט זר דערמיט, יאָ איר ערע. לויבן דאַרף מען דעם מאַן, צופיל לויבן, דאַמאָלס קען מען ביי יעדער פרוי אַלעס פועלן, אַלעס, ווארום איר מאַן איז זי געטריי.

פאַני איז אַוועק אין האָטעל און ער האָט געבלאָנדזשעט איבער די גאַסן. ער איז אַריין אין אַ שפּילצייג־געשעפט, געקויפט דאָרט עפּעס אַ סטאַטוע וועלכע איז אים צו די הענט געקומען און אַוועק אַ היים. אויפן וועג האָט ער זי ערשט באַטראַכט: אַפּאָלאָ האַלדזט און קושט אַ יונגע געטין מיט אַ מינע פון צניעות און תמימות.

ער האָט די סטאַטוע געגעבן גרינגאַן, איר זאָגנדיק:

— דו, קליינינקע, זאָלסט תמיד נאָכטון אָט די צוויי, הערסט, נאָר מיט מיר, מער מיט קיינעם!

גרינגאַ האָט געלאַכט.

ער האָט זי אַרומגענומען און געקושט די אויגן. איינס און דאָס צווייטע, איינס און דאָס צווייטע:

— דו גנבטע איינע, זיי זענען נישט דיינע, די אויגן, האָסט זיי גע־גנבעט, האָסטו זיי!

גרינגאַ האָט געלאַכט.

פינף יאָר האָט ער עס געהאַלטן דאָס חיהלע, געפּענטעט ביי זיך אין האַרץ. אָפּט פלעגט ער עס גלעטן: שלאָף, קעצעלע, זעסט דאָך אַז אומ־זיסט דיין בייסן, נישטאָ פאַני, געשטאָרבן, און מיט אַמאָל האָט ער דעם געגעבן פרייהייט, דאָס כמעט באַוווּסטזיניק אויפגעוועקט: טאַ, טאַנץ! איז שוין אוממעגלעך דאָס איינגעמען. האָט עס געגריזשעט זיין האַרץ, געגריזשעט.

אָ, דער ים האָט שוין אַזאַ קראַפט, ער לאָזט נישט טראַכטן. איז ער געלעגן גאַנצע צוויי טעג צווישן הימל און וואַסער. עסן פלעג ער נאָר קומען אין פאָנדע „סאַן כענאַראָ". גרינגאַ האָט כמעט געוויינט: טשאָלאָ, די דינסט פון „מיראַמאַר" האָט איר דערציילט, אַז אייערנעכטן איז ער געפאָרן מיט דער שיינער רייכער רוסאַ אַליין אין אַ שיפעלע. „איך וועל מיך נישט לאָזן מער קושן, בשום אופן נישט!".

— טייערינקע, איר זענט דאָך צוויי שוועסטער, זאָג, ווער האָט ביי וועמען גענבעט די אויגן, זאָג, שעם זיך נישט!

— אָבער איר האָט זי טאַקע ליב?

— וואָס הייסט ליב? ווי מעג מען ליב האָבן אַ פרעמד ווייבל? און ווידער האָט ער איר די אויגן געקושט. איינס און דאָס צווייטע...

סוף כל סוף האָט ער איר געמוזט שרייבן אַ בריוו. שוין דעם אמתן זומער האָט ער געהאַט. דער דאָקטער האָט אים געשיקט אַהער אַביסל די נערוון צו באַרואיקן, די נערוון וועלכע האָבן שוין גענומען די אויבערהאַנט איבער זיין שטאַרקן, גוט געבויטן אָרגאַניזם. נו, האָט ער טאַקע זיי באַרואיקט, נישט מער, דאָס חיה'לע האָט געגריזשעט, געגריזשעט ביים הארצן, ביז ער האָט אַ בריוו געשריבן אַ פרעמדער פרוי, פון אַ קוענטעניק ראָזענצוויט אין לוקסוס-האָטעל „מיראַמאַר". אָט אַזוי האָט חיים קאַפּלאַנסקי געשריבן: „אַמאָל איז אַ פרוי געוואָרן אין כעס — אַ סימן: מען האָט איר דעם אמת געזאָגט. נישט קריגן זיך וויל איך מיט אייך. זאָגט, וווּ האָט איר מיין צעקאַליעטשעטע נשמה אַהינגעטאָן? ביי מיר איז זי נישטאָ, כ'לעבן נישטאָ!

ערגעץ-וווּ האָב איך געלייענט ווי מען גנבעט זיך אונטער צו דעם העלד העלד פון דער דערציילונג, מען בינדט אים און מען פירט אים אין משוגעים-הויז. אויב מען וועט מיך אַזוי טאָן, וועל איך זיי אַרויסשטעלן אַ צונג: בע, בע, בע, מיך האָט איר נישט געבונדן; כ'בין שוין פון לאַנג אַ געפענטעטער פון קאָפּ ביז די פיס. כי־כי-כי...

פאַני הייסט די, וועלכע האָט מיר געפענטעט! אויב איר ווילט זיך טאַקע נישט איבערבעטן, איז נישט. איך האָב שוין גענוג געזומערט, שוין געקרעפטיקט מיינע נערוון, ווי דער דאָקטער האָט געהייסן און וועל באַלד אָפּפאָרן. קאַפּלאַנסקי".

פאַרנאַכט, דעם צווייטן טאָג, האָט זיך לעבן רעסטאָראַן „סאַן כענאַראָ" אָפּגעשטעלט אַ שיינער „סטודעבאַקער" און פון אים האָט אַרויס־

געקוקט אַ פּאָר שוואַרצע אויגן. פּאַנים שוואַרצע אויגן פון איר שיין קיי-לעכדיק פּנים: אוי, איז דאָס אַ לעקיש, דער חיים! נישט אומזיסט פלעגט מען אים רופן אין קאָמענקע „חיים לעקיש״.

טאָמער האָט זי אַ שלעכטן קוק געגעבן, איז שוין עק וועלט, ער אַנטלויפט שוין! אַ רחמנות נעבעך אויף אים. פּאָרט אַ באַוווּסטער שריי-בער, נישט אַבי ווער. פאַרוואָס זאָל ער פאַרלאָזן מאַר דעל פּלאַטאַ איבער איר? ניין, זי מוז אים שוין אַ גוט וואָרט זאָגן, אַ ביסל לאַשטשען, אַ רחמנות נעבעך...

נו, האָט זי אים אָבער אין דעם היים נישט געטראָפן. ער האָט ווידער שוין געשפּאַנט אין האַלבן פעלד-פינצטערניש, געפילט ווי זיין ווילן איז מער ניט ווי אַ בלאָז פונעם קליינעם ווינטעלע אָדער אַ שאָקל פון אַ בלעטל פון וועלכן ס'איז צווייג. נישטאָ דאָמאָלס קיין באַזונדער מענטשלעכער גייסט פאַר וועלכן אייביקע דורות דינען ווי צו אַן אָפּגאָט. ער און די מילב,ביידע פון אומבאַשטימטעם פלוצלונג דערשינען און ווערן אויס. ווו איז די גרענעץ פון פריערדיקן ניט זיין ביזן סופיקן טויט? ניטאָ קיין גרענעץ, ער און דער בוים, ביידע געפינען זיך ווי צוויי קעגנשטאַנדן פון אַ נויטווענדיקייט וועלכע זיי באַגרייפן נישט; מער נישט, דאָרט אין ביינערנעם שאַרבן אַר-בעט עפּעס אַ געפיל, שטרעבונגען... נו, גיי לאַך נישט, דער „בוים״ האָט ליב פאַנין, פאַנין וויל ער און גאָר! כאַ־כאַ־כאַ! ניין, בוים טייערינקער, חבר, ס'איז פאַראַן אַ בילכערער! ראָזענצווייט הייסט ער. פאַרשטייסט, דו בוימער קאָפּ, ראָזענצווייט איז בילכער, ער האָט אַ גרויסע קליענטעלע, דער ראָזענצווייט, איז ער בילכער פון דיר, נאַרישער בוים...

קומענדיק אין פּאָנדע האָט אים גרינגאַ דערציילט ברוגזלעך, אַז די שיינע רוסאַ איז דאָ געווען אים זוכן און האָט באַפוילן ער זאָל נאָכן עסן צו איר קומען. אַזוי האָט זי געזאָגט, די רוסאָ, אָן אַ תירוץ קומען.

— וואָס-זשע ביזטו ברוגז, קעצעלע?

— כ'וועל מיך מער נישט לאָזן קושן, בשום אופן נישט, איר האָט זי ליב, אַזאַ רייכע! אין אַן אויטאָ איז זי געקומען!

— ניין גרינגאַ, ווי קען מען ליב האָבן אַ פרעמדנס ווייבל? מען טאָר ניט, טייערינקע, מען טאָר נישט, מיין שיין מיידעלע מיט געבאָרגטע אויגן!

פאַני האָט אים אויפגענומען גלייך ווי צווישן זיי האָט גאָר נישט פּאַ-סירט און פאָרגעלייגט זיך דורכפאָרן אין אויטאָמאָביל.

זיי זענען געפאָרן לענגאויס דעם ברעג, לאַנגזאַם, בכדי גוט צו באַ-

טראַכטן דעם דרימלענדיקן ריז. ניין, נישטאָ די קראַפט וואָס זאָל איינ־האַלטן פון צערטלעך זיך, נאָענט לעבן נאַכטישן ים.

קאַפּלאַנסקי האָט זיך איינגעטוליעט ענג אין פאַנין, פילנדיק דאָס וואַ־רעמקייט פון איר קערפּער וואָס האָט אים פאַרשיכורט: פּרוי און ים! זיי זענען שוועסטער געאָרעמטע, רופנדיק איינס דאָס צווייטע. ערשט אָנ־געלענט דעם קאָפּ אויף פרוים שוים אינטים, גלייך ער זאָל אים ביי איר באַהאַלטן, פילט דער מענטש דאָס זיסקייט פון ימישע ווייטקייטן און גרענעצלאָזיקייט. ערשט קוקנדיק אין אומענדלעכן ים וועלכער וואַרפט אַ שרעק מיט זיין תהום, פילט דער מענטש דאָס אנגענעמע פון אַ צערטלעכער פרויאישער נשמה, זיין אינטימע באַשיצערן פון אַלעם צו גרויסעס. פאַני האָט אים געגלעט איבערן קאָפּ: אָרעמער שרייבער מיינער, וואָס מיינסטו, מיר איז גוט? אוועק די צייטן פון לייכטזיניקן גלאַנץ, איצט בענקט זיך נאָך אַ באַרוף, נאָך עפּעס וואָס זאָל אָנפילן די ליידיקייט און כ׳האָב קליענטן פראָפּיעטאַריאָס האָב איך.

— פאַר וואָס זשע, פאַני, האָסטו געטאָן?

זי האָט געשוויגן.

חיים קאַפּלאַנסקי האָט זי באַטראַכט אין לבנה-ליכט און זי איז אים מיטאַמאָל געוואָרן דערווידער; ניין, ס׳איז נישט פאַני, דאָס איז עפּעס אַ פרעמדע יידענע, אַ גראָבע פרוי ראָזענצווייט; פאַני איז, ווייזט אויס, גע־שטאָרבן. אים האָט זיך געוואָלט וואָס גיכער אַרויס פון אויטאָ, אוועק פון דער פרעמדער וואָס האָט זיך נישט אויפריכטיק געקלאָגט.

זי האָט אים אָפּגעפירט אַ היים.

ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אין צימער אויפן בעט מיט די פיס אַראָפּ און געטראַכט: אַ סוף צו דער חתונה!

עס וואָלט גאַנץ מעגלעך געווען דערפירן די באַציִונגען ביז... אָבער זי איז אים נמאס. יעדנפאַלס איז זי אַ יידענע מיט אַלע פּיטשעווקעס, אפילו דאָס קלאָגן זיך אירס!

„כ׳וועל מיך שוין נישט לאָזן קושן, בשום אופן נישט"... אַזוי האָט גרינגאַ געזאָגט, זיך פּעסטשענדיק ווי אַ קינד. אין אירע אויגן שפּילט זיך אָפּ די גאַנצע נאַיוויטעט און צניעות וואָס איז פאַראַן. וואָסער פאַרגעניגן וואָלט געווען זי נעמען אויף די הענט, איר דערציילנדיק פון דעם וואָס ער ווייסט אַזוי פיל! זי איז דאָך כמעט ווילד, גרינגאַ!

וואָס נאַרישע חלומות קענען אַ מענטשן פאַרשטעלן!

װערנדיק אַנטשלאָפֿן אין די קלײדער האָט זיך אים געחלומט װי פֿאַני און גרינגאַ שלאָגן זיך איבער אים, זיך אױסדראַפּענדיק די אױגן כּדי אים אָװעקצושענקען זײ.

אױפֿן צװײטן טאָג האָט ער זיך געבעטן בײ דער קלײנער שטוב-מײדל: גרינגיטאַ, ליבינקע, װי קען מען ליב האָבן אַ צװײטע זעענדיק דיך? ביזט דאָך אַזאַ שײנינקע! אַזאַ צערטלעכע!

— יאָ, זינט יענע רוסאַ איז געקומען קוקט איר אַפֿילו נישט אױף מיר.

— נײן, טײערינקע, װער דאַרף זי, די אױסגעפּוצטע טרעלבוכע? זעסט דען ניט, אַז זי איז פֿעט געװאָרן װי אַ חזירטע? מײן אוצר טײערער!

אַן אַלטער געלײמטער איטאַליענער, װעלכן די קינדער האָבן געשיקט זיך הײלן, אים שיקנדיק פֿון זײערע גראָשנס, האָט פּלוצים איר געזאָגט אױף זײן סיצילישן אַקצענט: דו, טעכטערל, לאָז אים אָפּ דעם רוסאָ, ער װעט דיך נישט נעמען, כ׳װײס שױן, אַלע זענען זײ אַזױ די רוסאָס, זײ האָבן נישט חתונה פֿאַר קײן קריסטלעכע, זײער גאָט איז אַ קאָפּ פֿון אַ חזיר, אָט װער ס׳איז זײער גאָט! דו לאָז זים צורו, דעם רוסאָ, ער װעט דיך נישט נעמען...

חיים קאַפּלאַנסקי האָט זיך צעלאַכט: פֿון װאַנען װײסט איר עס אַזעל־כע קלוגע זאַכן, אַלטיטשקער?

דער איטאַליענער האָט געװאָרטשעט: — כ׳װײס שױן, זאָרגט נישט, טאַקע אַ קאָפּ פֿון אַ חזיר און ער װעט דיך נישט נעמען.

— אַן אַלטער נאַר איז ער, גרינגיטאַ, אַן עובר בטל, כ׳האָב נישט קײן גאָט, ס׳איז מאַקאַנאַס!

נאָר װאָס גײען איר אָן רוסאָס מיט זײער גאָט! ער איז געבטן בעסער אַלײן אַרומגעפּאָרן מיט יענער שײנער אין אױטאָ, הײסט עס, זי האָט ער ניט ליב... אָט װאָס... איר קלעמט בײ דער נשמה ביז טרערן.

נאָך מיטאָג האָט זיך װידער דער שײנער „סטודעבאַקער" אָפּגעשטעלט בײם פּענסיאָן-הױז „סאַן כענאַראָ", װאָס איז הינטער דער שטאָט מאַר דעל פּלאַטאַ.

קאַפּלאַנסקי האָט שױן געװוּסט אַז מסתמא זי, פֿאַני, די פּובלענקע יידענע, פֿרעגט אױף אים, האָט ער געשיקט זאָגן מיט גרינגאַן, אַז דאָן כאימע איז נאָך גאַנץ פֿרי אַװעק מיטן שיפֿל אױפֿן ים. ראָזענצװײט האָט זיך אומגעקערט לאַנגזאַם: װו-זשע זאָל ער זײן, דער משוגענער?

וואָס האָבן די אויגן פון דער נאַרישער איטאַליענערין אַזוי געגלאַנצט מיט פרייד?

— ניין, ס'איז נישט אַזוי!

און וואָס האָט ער זיך נעכטן אַזוי פּלוצים געאײלט אַ היים?

— זאָל אים מיטאַמאָל האָבן נמאס געוואָרן?

אָ, מיט די פּאָעטן אָנצוהויבן! נאָך ערשט מיט צוויי טעג האָט ער געצאַפּלט נאָך איר בליק און איצט זאָל ער זיך האָבן באַהאַלטן פאַר איר?

אָ, ווי ער קען ליבן! ווי זיס זיינע צערטלעכקייטן זענען, ווי אַנגענעם איז זיי צו הערן! און דערמאָנט האָט זי זיך, אַז איר מאַן שטינקט פון מויל און זי מוז זיך אומקערן צו אים מיט דער פּלייצע ווען זיי זענען צוזאַמען, און ווי תמיד אין מינוטן פון הייסער תאווה פאָדערט ער פון איר פינענדיק זאַכן וואָס ר'האָט געזען ביי די ווילדע שוואַרצע איינוווינער פון מוסורי, פון וואַנען ער האָט זיין רייכטום געבראַכט, ווי נמאס ער איז איר!

דאַמאָלס האָט איר שטאַרק פאַרקלעמט ביים האַרצן און אין אירע אויערן האָבן שאַרף געקלונגען חיימס פאַרצווייפלטע ווערטער „פאַר וואָסזשע פאַני האָסטו עס געטון", ווער ווייסט צי שפּילט ער זיך איצט נישט מיט דער קליינער איטאַליענערקע, לאַכנדיק ווי זיי האָבן זי אָפּגענאַרט; נאָר זי מוז דערשטיקן אין זיך די אַלע געפילן וועלכע קענען זי ברענגען צום אָפּגרונט. זי האָט זיך מיט אַן אמת דערשראָקן: ווען ס'קומט איר מאַן און דערוויסט זיך פון אירע באַציִונגען מיט קאַפּלאַנסקין, און באַשלאָסן האָט זי איין מאָל פאַר אַלע מאָל: זי האָט נישט מער קיין באַקאַנטע אין מאַר דעל פּלאַטאַ, אפילו נישט אין דער שמוציקער פּאָנדע „סאָן כענאַראָ" וואָס איז הינטער דער שטאָט.

אַהיימקומענדיק האָט זי זיך פאַרשלאָסן אין צימער, איינגעגראָבן איר שיינעם קאָפּ אין קישן פון ערשטקלאַסיקן פּופּצן-פּעזעדיקן האָטעל „מיראַ-מאַר" און שטיל געכליפּעט.

דאָס האָט זי, די תמיד געפּעסטשעטע, פון מענער געלויבטע שיינקייט, דעם עקזאַמען נישט אויסגעהאַלטן, דעם עקזאַמען פון אַלץ וואָס איז אויבערפלעכלעך, דעם עקזאַמען פון לעבן נישט אַריינגעטראַכטן. אַנדערע ווענן פאַרמאָגט עס דאָס וואָס מענטשן רופן לעבן, צוויי שטאַרקע זענען זיי אויף שטיינער שפּיציקע אויסגעשפּרייט און הייסן אָדער, אָדער: אָדער שמידן דאָס האַרץ מיט אייזערנע רייפן פון ווילן: דו, שטום, אויס־

וווּרף, ניט אַ פּיפּס אפילו! אָדער נאָכלאָזן איננאַנצן די געפילן און זיך לאָזן באַהערשן פון זיי. דאַמאָלס מוזן פון דעם פייער פאַרברענט ווערן אַלע פאַלשע שטריק מיט וועלכע מענטשן בינדן זיך פון אייביק אָן. אָט די וועגן זענען די הייליקסטע. נישט געוווּסט פון זיי האָט די רייכע סעניאָראַ ראָזענצווייט. דערום טאַקע האָט זי איינגעגראָבן איר שיינעם קאָפּ אין קישן פון ערשט-קלאַסיקן האָטעל און שטאַרק געכליפּעט.

חיים קאַפּלאַנסקי איז געווען גליקלעך. טאַקע אַ קלוגער דאָקטער, דער לעווענבוים. פאָרט, זאָגט ער, קיין מאַר דעל פּלאַטאַ, וועט איר אייערע נערוון שטאַרקן. אָ, יאָ, גרינגאַ שטילט אים אויסגעצייכנט די נערוון.

אָפּט זיצט ער אויפן נידעריקן קיך־בענקל און קוקט איר אין די אויגן בשעת זי אַרבעט, אָדער אין צווייען שיפן זיי זיך אויפן ים ביז שפּעט אין דער נאַכט.

— ווער זענען מיר ביידע, גרינגיטאַ? אפשר זענען מיר צוויי טראָפּן פון דעם אומגעהויערן ווייכן ריז? זעסט, טייערינקע, דעם טומאַן וואָס קומט פון דרום, ס'איז דער אָטעם זיינער. מיר געפעלן אים, וויל ער אונדז מיט זיין אָטעם אַרומנעמען.

— פון וואָס שרייבסטו אַזוי אָפט, כאַימע ליבער, אין דיין קליין ביכעלע?

— אַ מעשהלע פון אַ מיידל מיט אויגן שיינע, געגנבעט האָט זי די אויגן ביי אַ צווייטער, אַ פּוכלינקער און מיט זיי איר יוגנט און איר גע- ליבטן.

— וואָס־זשע האָט זי געטאָן יענע, די אָרעמע נעבעך, ביי וועמען מען האָט די אויגן מיטן געליבטן געגנבעט?

— זי איז געשטאָרבן. פון ווייטיק או, אומעט איז זי געשטאָרבן. ניין, זי איז נישט געשטאָרבן, זי האָט נאָר אַ ביסל געוויינט. אַזוי זאָגט דאָס מעשהלע.

האָט פאַני געזען אַז שוין דער דריטער טאָג אַז ער קומט נישט, קאַפּ־ לאַנסקי, האָט זי פאַרשטאַנען, אַז איר חשד איז אמת געווען, אַז זי איז אים נמאס געוואָרן מיט אַ מאָל. האָט איר נאָך ערגער ביים האַרצן פאַר־

קלעמט. האָט זי זיך אויסגעפוצט אין די שענסטע קליידער אירע, זיך באַ־האַנגען מיט גאָלדענע צירונג וואָס איר מאַן דער קוועטעניק האָט איר געשענקט און זיך ביים ברעג ים שפּאַצירן געגאַנגען.

האָט זי אַ פּרוויאישן בליק געוואָרפן דעם שיינעם יונגן עסטאַנסיעראָ וואָס פלעגט איר נאָכשפּירן צייט זי איז קיין מאַר דעל פּלאַטאַ געקומען און מיט אים אַ שמועס פאַרפירט.

האָבן זיי אַ שיינע פּאָרציע שאַמפּאַניער אויסגעטרונקען און פאַני איז געוואָרן לעבעדיק.

פאַרטאָג, ווען זי איז פון זיין צימער אַרויס אַ בלייכע, אַ צעקנייטשטע, האָט זי זיך אַ הייסע וואַנע געמאַכט.

אַ הייסע וואַנע געמאַכט און דעם אָדער אונטערן גראָבן פינגער אי־בערגעשניטן. אַזוי איז זי איינגעשלאָפן אין אַ הייסער רויטער וואַנע.

און חיים קאַפּלאַנסקי האָט זיך, דערוויסנדיק אויפן צווייטן טאָג, פאַרטראַכט, אַז די סיבה פון איר טויט איז ער געווען: אפשר האָט אים די פרוי טאַקע ליב געקריגן דאָ אין מאַר דעל פּלאַטאַ? און פאַרטראַכט האָט ער זיך: וואָס־זשע וועט זיין סוף ווערן?

וועט ער דען קענען פאַמילער לעבן מיט דער האַלב־ווילדער איטאַליע־נערין? קען ער דען ליידן זייערע מנהגים, זיטן און אפילו זייערע מאכלים?

ער וואָלט פאָרט געוואָלט אַ נשמה, זי זאָל אים פאַרשטיין, זי זאָל אים פילן, ס׳זאָל ווערן אַ ליב ווינקעלע שוין נאָך די ערשטע שטאַרקע געפילן וואָס גייען גיך אַדורך.

דאַמאָלס האָט ער פאַרשטאַנען, אַז זיינע באַציונגען מיט גרינגאַ זענען צו ווייט ער זאָל זיך קענען צוריקציען: געטריי ווי אַ הונט פלעגט זי אים שוין זוכן מיט איר בליק, זיך אים איבערענטפערן מיטן גוף און מיט דער נשמה.

האָט ער אַ טאָג אויסגעקליבן פון שטורעם, אַ טאָג ווען די ימישע הויט קאָרטשעט זיך אין מיליאַרדישע טיפע קנייטשן, וועלכע ווערן באַדעקט מיט ווייסן שוים, אַ טאָג ווען דער ווינט רייצט דעם צעבושעוועטן ווייכן

ריז אויף דער ערד: „אָבער קענסטו אים ניט, אָבער קענסטו אים נישט בייקומען!״ און יענער טשירעט די ווייסע ים־ציין, זיך וואַרפנדיק יעדע רגע מיט כעס אויף יבשה, — אַזאַ טאָג האָט חיים קאַפּלאַנסקי אויסגעקליבן אין פריער שעה, זיך אין שיפל אַריינגעזעצט, מיט אַלע כוחות אַ פּאָר קילאָמעטער פון ברעג אָפּגעפאָרן. דאָרט האָט ער די ווע‌סלעס אַוועקגעלייגט, זיך אויסגעצויגן אויפן דעק און גאָר... דער אַלטער איטאַליענער האָט געוואָרטשעט איבער דער כליפּענדיקער גרינגאַ: דיר געזאָגט, זיי, די רוסאָס, האָבן נישט חתונה מיט קיין קריסטלעכע, זייער גאָט איז אַ קאָפּ פון אַ חזיר; דיר געזאָגט, לאָז אים צורו, דעם רוסאָ!..

מאַר טשיקיטאַ, 9 .1 .1926

# פון גרויסן יחוס

מען זאָל ניט וויסן, אַז דו ביסט דאָס,
וואָלט מען אַזוי געמיינט.

— 1 —

די טעג פון קלעמענטא ביינקמאַן, אין דער פאַרוואָרפענער צפון-שטאָט, וענען גראדע ענלעך: זאָקן! ביליק! זאָקן!

— סעניאָרא, איך קען ניט, ס'קאָסט מיר אליין 50 סענט.

— באַ! איר, רוסאָס ווײנט תמיד אויף חיונה, און אזוי ווײנט איר אוים גביר'שאַפט.

קלעמענטא ווייסט, אז אַ קלאַפּער מוז נישט דערהערן קיין שטעכווער־טער און טאָר ניט דערפילן קיין עוולה, אויב ער וויל לייזן; קלעמענטא ווייסט דאָס, אָבער בשעת מעשה פאַרלירט ער זיך, ווערט רויט פאר ווײ־טיק און בושה:

— סעניאָרא, איך וויין נישט און בעט ביי אייך נישט. איר ווילט קויפן — קויפט, וויניקער פון 75 סענט לייז איך נישט. אָבער די לעצטע רייד רעדט ער שוין צו זיך זעלבסט, וואָרום די גנעדיקע פרוי האָט אים שיער אַ שטיק נאָז אָפּגעקלעמט, פאַרהאַקנדיק די טיר.

— 2 —

— זאָקן, ביליק, זאָקן!

דאַנקען און לויבן, וואָס ענדיקן מוז ער זיך דער טאָג! יאָ פאַרדינט,

בּישט פאַרדינט, — ווערט טונקל, איז קלעמענטאָ אויס סוחר און גייט בּאַר-ברענגען אין קאַפע.

ס'רעדט זיך אַזוי, אין קאַפע. אַ קליינער, פינצטערער לאָקאַל אין אַ הינטערגעסל, ווו ער וווינט. זיינע 5 מעטער די לענג זענען צעטיילט אויף דריי אָפּטיילונגען: פאָרנט — הינטער בּיים אַריינגאַנג — דער טיש, אויף וועלכן ס'איז אָנגעשטעלט און אָנגעוואָרפן גלעזער, גלעזלעך שמוציקע און געוואַשענע; די מאַשין פון קאַפע, וואָס גלאַנצט מיט בלאָטע; סאַנדוויטשן פון אַלע טעג' פון אַ גאַנץ יאָר מיט פליגן און אָן פליגן; טעלער, אַ בלעך מיט פעט וואַסער פון וואַשן געפעס און צווישן דעם אַלעמען באַוועגט זיך דאָס רויטע פּנים מיט איבערגעקערטע אויגן פונעם תמיד בגילופינדיקן בעל-הבית. אַרום שטייען אויסגעשטעלט אַ פּאָר טישלעך פון פאַרווייַלונגס-שפּילן: שאַך, דאַמקע, דאָמינאָ און צו-לעצט, אָפּגעטיילט מיט אַ שפּאַניש ווענטל — אַ קליין ווינקל מיטן קלאָזעט דערנעבן — פאַר פאַרבאָטענע אַזאַרט-שפּילן.

— 3 —

— נו, טשאַטשאָ, וועלן מיר שפּילן אַ שאַך!

— יאָ, יאָ, זאָגט זיך אונטער קלעמענטאָ ביינקמאַן מיט אַ גמרא-ניגון, יאָ, מיין ליבער גאָמעז!

— שאַך דער קעניגן — גייסטו מיט איר אין קוטשמענט אַריין, שוואַרצינקער מיינער! — אין דיין זונה דער מאַמען, גיב צוריק דעם גאַנג, רוסיטאָ!

— פּע, פּע, יושר, טשאַטשאָ, ווו איז יושר? נו, נעם שוין צוריק, אַ שוואַרצער אינדיק!...

אַך יאָ, זינט ר'האָט זיך באַקאַנט מיט די צוויי ליטוועטשקעס, די גרינע, און די יונגערע האָט געבּראַכט צו פירן אַ פּאָר אויגן פול מיט צער, אַבּנים אַן אײדלס מיט באַשיידענער ווירדע ווי ביי אַ מאַדאָנע, — זיצט ער דאָרט אָוונט-שעהן' און „פאַרברענגט". ער קוקט' אויף איר, אויף דער בלייכער בייקע, ער הערט דאָס פּלאַפּלען פונעם אַלטן בחור, דעם ליטוואַק, וואָס שדכנט זיך צו דער עלטערער שוועסטער, ביי ווענען די נאַז האָט זיך צעבּאַלעבּאַטעוועט איבערן גאַנצן פּנים...

קלעמענטאָ פאַרברענגט זיינע אָוונט-שעהן און שווייגט.

איינמאָל אין אַזאַ אָוונט, ווען דער ליטוואַק האָט אים דערעסן מיט זיין

טשמאָקען צופרידן די מאַטע, מיט זיין באַרימען זיך וועגן דער „פּראָפּיע-דאַד", „וואָזש האָט די ווערט" און באַלד דווקא געוואָלט ביי אים, קליע־מענטאָן, זיך דערוויסן אַ „וואָסש טראָטשקי טוט", „אַוווּ נעמט ער טשוּם לעבן?" — האָט קלעמענטאַ אים ערנסט געענטפערט: — אַ חזן איז ער געוואָרן ביי די טערקישע יידן...

דער ליטוואַק האָט זיך אָנגעבלאָזן, באַלד אָבער פאַרשטאַנען, אַז נישט פּאַר זיין כבוד זיך אויסטענהן מיט עפּעס אַ פּענטאַק, האָט ער זיך אויפ־געהויבן און אַוועק...

די עלטערע שוועסטער האָט מיט כעס אין דער נאָז אַריינגעוואָרטשעט, אַז ביי איר אין שטוב וועט זי נישט דערלויבן מען זאָל „באַליידיקן אַ מענטש", און קלעמענטאַ, רויט ווערנדיק איבער די אויערן, האָט זיך צו-ביסלעך אַרויסגעשאַרט.

דאָס דריבנע רעגנדל אינדרויסן האָט, ווייזט אויס, די גאַנצע צייט אומעטיק געוואַרט אין דער לופט, אָט אַזוי, צווישן הימל און זיך־וויגנדיקע גאַסן-לאָמפּן, קלעמענטאַ זאָל אַרויס אין גאַס און זיך צעטאַנצט מיט טראָפּנס קאַלטע, גיך-גיך אַרום און אויף אים.

מען קען נישט זאָגן, אַז אַ דין רעגנדל, אין שיין פון גאַסן-לאָמפּן, האָט ניט קיין פּאָעזיע, בשעת מען פּאָרט אין אַ פאַרמאַכטן הודסאָן, מיט אַ וואָ-רעם שיין מיידל אָדער פרוי, וואָס טוליעט זיך איין אין דיר. נאָך זיך צעצקען דערמיט אויף ראָג-גאַס און אָן אַן אויבער־ראָק, — איז גראָד נישט אַנגענעם.

— אדרבא, איר זאָלט מיר געזונט זיין, וווּהין זאָל קלעמענטאַ פּאָרן, אָדער גיין אין אַזאַ וועטער? — האָט ער געפּאַקט דעם ערשטן בעסטן טראַמ־וויי און — אַריין. ליידיק איז געווען דער קאָטש און פּוסט די גאַסן איבער וועלכע ער איז געפאָרן. קלעמענטאַ ביינקמאַן איז געווען דער איינאַונאַיינ-ציקער פּאַסאַזשיר.

— 4 —

גלויבט מיר שוין אויף נאמנות, ר'איז ניט משוגע, ווי גוט שטייענ-דיקע באַלעבעסלעך חוזקן. באמת: ר'האָט אַ צימערל אויף סאַנטאַ ראָסאַ, און רינען רינט אפילו נישט אַריין. היימלעך איז אויך דאָרט ביינאַכט: אַלע קאָטערס און קעץ פון דער קוואַדרע קומען זיך פּאָרן אויפן דעכל פון קלעמענטאַ ביינקמאַנס צימערל און גיבן דאָרט קאָנצערט, נאַכט-אייס,

נאַכט־איין, ביז אין ווייסן טאָג אריין. נאָר, גאָט מיינער, אפילו די קעץ אַנטרינען דאָך אין אַזאַ וועטער! — אָט פאַרוואָס קלעמענטאַ פאָרט אין טראַמוויי, וואָס גייט העט, העט הינטער דער שטאָט, צווישן געסלעך מיט נידעריקע שטיבלעך.

אויטאָמאַטיש האָט ער געשפּאַנט די עטלעכע קוואַדרעס ישוב ביז צו יענער ראַנטשאָ, אונטערזינגענדיק אין גאַנג. דער ווינט האָט געקאַוועטשעט, ווי ער זאָל שפּרינגען נאָר אויף דריי פיס, און דעם פערטן, אַן אונטערגע־האַקטן, נאָכשלעפּן, און האָט אַלעמאָל מיט זיין זשמעניע אַ בורטשע געטין מיט רעגן אויף קלעמענטאָן, וועלכער האָט זיך געשפּאַנט, אונטערזינגענדיק אַ ניגון בירושה, פון ר׳ ירוחם דער דיין, פון טשערנאָוועץ.

קלעמענטאָ האָט געשפּאַנט די עטלעכע קוואַדרעס ישוב ביז אין יענער ראַנטשאָ און זיך דערמאָנט דאָס וויפלסטע מאָל ר׳האָט שוין באַשלאָסן מער אהין נישט קומען. האָט ער געפילט, קלעמענטאָ, דורכגענעצט פונעם רעגן, ווי די ברעקלעך צוקונפט וועלכע פלעגן נאָך טליען אין אים, ווערן אויסגעלאָשן און אָפּגעשווענקט; און אין יענער ראַנטשאָ וועט ער זיי צו קבורה ברענגען, — האָט ער פונעם טיפן האַרצן אַ קרעכץ אַרויסגעלאָזט:

— אך, דו גורלע, מיין גורל, אַ בראָך דיר אין די יאָרן מיט מיר צוזאַמען!

— 5 —

דריי מעת־לעת האָט אינדרויסן גענאָסן און קלעמענטאָ איז פון ראַנ־טשאָ ניט אַרויס. די שוואַרצע כּואַנאַ האָט זיך אַרומגעדרייט, ווי לעבן אַ קליין קינד, אַ געפּיעשטשעטס: דאָ אַ מאַטע צוגעטראָגן, פאַרשנדיק מיט איר בליק, אויב זי איז לויט זיין געשמאַק; דאָ לאָקשן אויפן איטאַליענישן שטייגער געקאָכט און דערלאַנגט. איר עכט אינדיאַניש פּנים האָט געגלאַנצט שיינענדיק פון תענוג.

און ביינאַכט, ווען איר פּערציק יעריקער איבערגעטליעטער קערפּער האָט זיך נאָענט איינגעגראָבן אין אים, האָט זי בפירוש געהאָרעוועט איבער די כּוחות, איר געליבטער רוסיטאָ זאָל צופרידן בלייבן און ווידער קומען..

דריי מעת־לעת איז קלעמענטאָ געווען אין דער נידעריקער קליינער וווינונג, הינטער דער שטאָט, זיך געשפּילט מיטן צוויי יעריקן טונקעלן יינגעלע, מיטן יידישן נעזל און געטראַכט, אַז אייגנטלעך שטאַמט דאָס פון גרויסן יחוס: זיין עלטער־עלטער באַבע האָט אַ שפּאַנישער סאָלדאַט־גזלן

ביי די האָר געשלעפּט פון איר מאַן דעם קאַציק צו זיך אין בעט און מיט געוואַלד פאַר זיין „זי" געמאַכט.

זיין עלטער־זיידע, ר' ירוחם, עליו השלום, דער טשערנאָוועקער שטאָט־דיין, האָט געלעבט פון תעניתים און געשטאָרבן אויף קידוש־השם, איז געווען, אויב נישט גאָטס בעסטער פריינט, איז זיין נאָענטער בעל־יועץ...

דריי מעת־לעת האָט אינדרויסן גערעגנט. לאַנגזאַם, פויל זענען גע־קומען די טראָפּנס נאַסקייט און געבראַכט אַ פוילקייט אין אַלעס. די ערד איז צעקראָכן געוואָרן און איר אינגעווייד האָט ארויסגערונען פון אויבן, צום חלשות און געדאַכט האָט זיך: זי וויינט, די וועלט, די רינעניש נעמט ביי איר דאָס לעצטע חיות צו, נאָר וואָס זאָל זי טאָן נעבעך, ס'גיסט פון איר, אָנגעשטעקט זיך עפּעס צו אַלדי שווארצע רוחות, צו וואָס?

ווו־זשע איז געווען קלעמענטאָ ביינקמאַן?

ער איז צערונען געוואָרן מיט די ערשטע טראָפּנס רעגן. און אין ראַנ־טשאָ איז נישט ער געווען, נאָר אַ צווייטער, אָן אַ איך, אָן ארויסגעשפּי־גענער פון מעבר לים, פון טערנאָוועקע — גלייך צו דער 40־יעריקער כוואַנאַן אין ראַנטשאָ, ער זאָל אַ מאָטע טשמאָקען, אַ ביטערע מיטן קוויק פון אַ ייד אַ בעל־תורה, צום־מ־מ־אק...

גאַנצע טעג איז קלעמענטאָ ארומגעגאַנגען ווי פאַרטשאַדעט. אָנגע־לאָדן ווי אַ טערק מיט צוויי שווערע פּעק זאָקן, האַנטוכער, פּלעגט ער ביי־טאָג שפּאַנען איבער סאַנטאַ־קאַטאַלאַנער גאַסן, ווען ניט ווען ארויסלאָזן זיין האַלב־הייזעריק קולכל:

— זאָקן, האַנטוכער!... אָבער אָן קלאַפּערישן קוראַזש, אָן מוט פּלעגט ער די פּרויען אויף די שוועלן, אפילו קיין פרעג נישט טאָן. גלייך עמיצער וואָלט אים געדונגען ער זאָל די פּעק טראָגן און צושרייען.

גאַנץ מעגלעך, זיי האָבן רעכט די באַלעבעסלעך: ער איז טאַקע משוגע קלעמענטאָ, אַ נישט — ווי שטעלט זיך עס אַוועק אַ מענטש אינמיטן צימער, דעם אייגענעם קאָפּ ביי די האָר און שעלט?

אָפּטמאָל פּלעגט אויף אים קומען אַ באַנייאונג. דעמאָלט פּלעגט ער אָנהייבן גלויבן אין זיך, אין זיין צוקונפט: — הע, הע, איך, קלעמענטאָ, וועל נאָך ווייזן, וואָס איך קען! ניין און ניין! מער פאַרט ער נישט אַה־ן, אַ מענטש דאַרף זיין אַ מענטש!

— דאָס וויפלסטע מאָל, קלעמענטאָ, אַ בראָך דיר אין דיינע יאָרן?...

— גוט, גוט! אַ סוף, מ׳עט גײן צו דער ליטװעטשקע, מ׳עט איר זאָגן, אַזױ און אַזױ און — פּאַרטיק; מיט אַ מויל, מיט לשון!) אָן שטי־מעניש אויפן קלימענטישן שטײגער:

— „כײקע לעבן, איך בין אַ זשאָקן-קלאַפּער... פּאַרדינען פאַרדין איך װײניק... און דו װעשט אויך אַרבעטן ט׳מען מאַכן אַ לעבן".

איז טאַקע געװען, אָװנט-צײט איז ער געזעסן, קלעמענטאָ, בײ די צװײ שװעסטער און געסטאַרטשעט זײנע באַליענעס אויף כײקען, געקוקט און געשװיגן.

קען ער דען איר דערצײלן?

זאָל ער איר דערצײלן, אַז יאָרן און יאָרן װי זײן גוף האָט געגליט אין באַגער און נישט באַפרידיקטער שמאַכטונג נאָך באַהעפטן? אַלע זײנע אברים פלעגן זיך בונטעװען אָפּטמאָל, זיך בעטן בײ אים:

— קלעמענטאָ, גיב אונדז פרויען-לײב! גװאַלד װעלן מיר שרײען אין גאַסן: װײב גיב אונדז!

אײנמאָל איז די װעשן זײנע, די אָנגעשטאָפּטע מיט יאָרן און מענער, כואַנאַ, אין אַ פּאַרטאָג, נאָך אַ נאַכט אַזאַ, נאָך װעש זײנעם געקומען. װי אַ חיה, בשעת אַ לאַנגן הונגער פאַלט אַרויף ערגעץ אין װאַלד אויף אַ נבלה, טרעט פעסט אָן מיט די פּאָדערשטע לאַפּעס אויף דער פגירה, פרעסט און ברומט, שלינגט גאַנצע שטיקער גיריק: מ-מ־מ, הונגעריק בברר פרעסי! אַזױ האָט אַזש געקרעכצט זײן גוף פון תענוג. — — —

דאָך האָט קלעמענטאָ בײנקמאַן באַשלאָסן און אַזױ װעט עס זײן: ער װעט איבעררעדן מיט כואַנאַן און זיך געזעגענען. זי װײסט, אַז מיט איר קײן לעבן קען ער נישט פירן. דאָס קינד איז אַ קינד און מען װעט העלפן; און ער װעט חתונה האָבן. ער װעט אָננעמען דעם פרילינג-אײנ־שפּריץ, װאָס די גרינגע מאַדאָנע האָט אים געבראַכט אַזש מעבר לים.

... אַך, טײערע כײקע, אויף טויט נאַרסטו זיך!, דו מײנסט, אַז קלע־מענטאָ איז אַ צאַצקע, אָנגעלערנט מיט „שאַקאָנעס נעפּאָשעס", אַ גאָרנישט איז ער, אָט װאָס! דײן מתנה פונדעסטװעגן גיב אַהער, כײקעלע, און איך װעל װי מײן עלטער-זײדע, ר׳ ירוחם, איבער דײנע װײנטרויבן אַ ברכה מאַכן, און זײ אָפּרײסן, רויטינקע װײנטרויבן, פאַר קלעמענטאָ בײנקמאַן, נעבעך... — — —

קלעמענטאָ האָט אַזש קיין געדולד ניט געהאַט רויק זיך אָנטאָן. אויף גיך געשלעפּט אויף זיך דאָס רעקל, און מיט דער האַנט פאַרקראָכן אין אויפגענייטן אונטערשלאַג.

האַסטיק ארויס אין דרויסן, קאָן מען דען אין אַזאַ איילעניש וואַרטן אויף טראַמוויען?

איז ער געלאָפן צופוס.

— איר האָט עפּעס געוואָלט, שעניאָר קלימענטאָ? אָרעמער, פּאַרסאַ-פּעטער קלימענטאָ, אוודאי נאָך אַ פּרעסל ביסטו געקומען, אַ פּרעסל לייען, די הויזן שיין אויסצופּרעסן...

און די עלטערע שוועסטער, די ליטוויטשסקע, דערגייט אים די יאָרן:

— חאַשענע זאָל ער האָבן מיט חייקען, אָדער ער זשאָל גיין טשו אַלע רוכעש!

— דאָניאַ פלאָרענטינאַ, בעט ער זיך ביי דער חתונה געהאַטער ליטוויטשקע, דאָניאַ פלאָרענטינאַ, אייער מאַן איז געווען אַ „פּראָפּיע־טאַריאָ"... איך בין דאָך אַ קבצן, פאַרדין קוים דריי פּעזעס אַ טאָג... שפּעטערצו, די צייטן וועלן זיך פאַרבעסערן... און בשעת מעשה, האָט קלעמענטאָ ביינקמאַן געפילט ווי אַ פּאָר הענטלעך האַלטן אים אַזוי פעסטלעך, אים האַלדזנדיק, אַזוי מאַיעסטעטיש פריילעך, מיט די אינדישע אייגעלעך און זאָגן: פּאַפּיטאָ, ווערדאַד זשאַ סאָי אונאַ פּערסאָנאַ... און זי, די פלאָרענטינאַ, האָט דאָס מיט איר גרויסער האַרטער נאָז נאָר געוואָלט דורס זיין דאָס קינד פון גרויסן יחוס!

און קלעמענטאַ ביינקמאַן איז דאָס לעצטע מאָל געפאָרן אין עק שטאָט זיך געזעגענען מיט דער שוואַרצער כואַנען און מיטן קליינעם מיקאַ.

— פּאַפּיטאָ, פּאַפּיטאָ!... זשאָ זשאַראַבאַ אַזשער (איך האָב נעכטן געוויינט).

—אַזוי גאָר, בחורעץ, פאַרוואָס האָסטו געוויינט?

— נאָך דיר, פּאַפּיטאָ, געבענקט, נאָך דיר.

דאָס קינד האָט זיך אַראָפּגעריסן פון טאַטנס שויס און זיך געשטעלט ביי דער טיר, סעריעז-טרויעריק אַזוי געשטאַנען און מיטביידע הענטלעך פאַרשטעלט דעם אַרויסגאַנג.

— מיקאַ, פאַרוואָס שטייסטו אַזוי ביי דער טיר ?

— איך נישט לאָזן פאַפּיטאָן וועק גיין.

און אין זיין קינדערישן געוויין האָט זיך דורכגעפלאָכטן טיפער דער צער פון אַ באַליידיקטן מענטשן.

— איך וויל נישט פאַפּיטאָ פון דאַנען גיין !

און העכער, העכער האָט דאָס געוויין זיינס געקלונגען, און רחמנות געוועקט, און נישט איינצושטילן געווען.

קעגנאיבער איז די מוטער געשטאַנען און אירע אויגן געווישט.

זי האָט מורא צו וויינען, זי זאָל איר רוסיטאַן אויף תמיד נישט פאַרטרייבן, נאָר די טרערן זענען גערונען אָן איר ווילן.

זי האָט זיי געווישט מיט איר שוואַרצער זשמעניע און זיי האָבן זיך דאָך געגאָסן.

אַזוי איז געשטאַנען קלעמענטאָ ביינקמאַן פון טערנאָווקאַ צווישן מוטער און קינד און געטראַכט :

אך, דו גורלע מיין גורל, אַ בראָך דיר אין די יאָרן, אַ מצבה וועל איך דיר שטעלן דאָ אין ראַנטשאָ !

האָט ער אַלע זיינע צוקונפטן בליענדיקע פון די קעשענעס אַרויסגענומען און צעשיט אין אַלע זייטן, ווי ברעקלעך פון אַ טישטוך, אויפן ווינט. ביז ער איז צום קינד צוגעגאַנגען, דאָס אויף די הענט גענומען און געגלעט: איך גיי נישט, מיקאַ, מיט דיר וועל איך זיין, מיט דיר.

— אמת, פאַפּיטאָ, אמת ?

— יאָ, מיט דיר, טייערינקער, האָט ער געהאַלטן אין איין ווידערהאָלן, גלייך ער זאָל זיך וועלן פון עמיצן באַפרייען :

מיט דיר, מיט דיר ! . . .

# אַ א י ד אַ

איך פּלעג תמיד וואַרטן אויף יעדער קראַנקייט. מיר פּלעגט זיך ראַכטן, אַז זיי גייען מיר נאָך, די קראַנקייטן, היטנדיק מיינע טריט, גרייט איעדער ווײַלע אויף מיר אָנפאַלן. נאָר באַזונדערס פּלעג איך מורא האָבן, נו, געוויס, פאַר טשאַכאָטקע.

איצט ווייס איך אַז ס׳איז ניט מסוכן.

וואָס איז אַזוינס? מען הוסט, מען שפּייט. ניט מען שפּייט, מען וואַרפט אַרויס שטיקלעך ווי סמאָלע פון די לונגען. אַמאָל זענען זיי גרוי ווי דרעליעס, אַמאָל געל.

כראַקעט מען זיי און מען שפּייט לאַנג, לאַנג ביזן סוף.

יאָ, איין שלעכטע זאַך האָט די קרענק — דאָס טראַכטן, אוי, דאָס טראַכטן... מיר דאַכט זיך, אַז ווען ניט די מחשבות זאָלן אַזוי פּייניקן וואָלט מיר גאָרניט געפעלט. ווייס איך, טאָמער גיט זיך דאָרט אינעווייניק עפּעס אַ פּאַרטשעפּע, גיט מען אַ קליינעם צי אויס דעם גאָרגל: ר-ר־ר; העלפט ניט, הוסט מען און מען שפּייט, הוסט מען און מען שפּייט. צום טראַכטן אָבער איז קיין מיטל ניטאָ.

נעם איך שוין צונויף מיין גאַנצע ווילנס־קראַפט: אַז ניין! מער טראַכט איך גאָר נישט!

אַז וואָס וועל איך ניט טראַכטן? כ׳וועל ניט טראַכטן, אַז מיין רייכער פעטער האָט אַ מיידל, הייסט זי אַ מערקווירדיקן נאָמען — אַאידאַ! איך וועל ניט טראַכטן, אַז איך קען נאָך לעבן אַ סך אַ סך! וויפיל? פיר, פינף, זעקס, זיבן מאָנאַט. לאָמיר רעכענען יעדן מאָנאַט פאַר 10 יאָר, הייסט עס זיבעציק יאָר, זיבעציק יאָר!

אוי, דאָס טראַכטן. גיכער קען זײַן אַז בײַ מיר אין קאָפּ איז פֿאַראַן אַ גרויסע מיל און עס מאָלן זיך מחשבות אַרויף, אַראָפּ, אַרויף, אַראָפּ. אַלע טאָג פֿון דעם לעצטן יאָר האָב איך איין סדר-היום. פֿון גאַנץ פֿרי ביז פֿאַרנאַכט לעב איך איבער מײַן גאַנץ לעבן ביז — נו, ביז אַאידאַן און פֿון פֿאַרנאַכט ביז פֿאַרטאָג דאָס איבעריקע, מיט אַלע דעטאַלן. זיי זע־נען בײַ מיר גרופּירט פּינקטלעך, יעדע קליינלעכסטע געשעעניש פֿון מײַן קורצן זײַן אין גאַוטשישן לאַנד.

צוריק מיט צוויי יאָר, ווען כ'בין פֿון שיף פֿאַרפֿאָרן צום פּעטער, האָט ער מיך גערופֿן קלעמענטע, כאָטש כ'הייס קלמן, אַזוי האָט ער געזאָגט, מוז מען הייסן אין אַרגענטינע. אַרגענטינע איז ניט טערנאַווקע, און אַזוי פֿלעגט מען מיך שוין רופֿן: קלעמענטע.

ווען אַאידאַ פֿלעגט ווען לאַכן פֿון מיר, האָט זי געזאָגט אַז כ'בין אַ שיינער. דאַמאָלס האָבן אַלע געלאַכט. אַלע, אַפֿילו איך. אַ ברירה האָב איך געהאַט? כ'פֿלעג ווערן פֿאַרשעמט און האָב געלאַכט. מיר האָט גע־קלעמט אינעווייניק און כ'האָב געלאַכט.

אין גאַס, ביים רופֿן: „סינטאַס, קאַרטעראַס", פֿלעגן יינגלעך מיר נאָכשרייען: „רוסאָ מאָנאָ!", „רוסאָ מאָנאָ!", מיטן אַרגענטינער צעצוי־גענעם ניגון.

אַז די לצים, סאַלמאָן און ראַמירעס, האָבן שוין ניט געוווּסט מיט וואָס פֿרייִלעך מאַכן אַאידאַן, פֿלעגן זיי מיר מאַכן אַ שפּיצל.

וואָלט איך נאָך געקענט שפּאַניש, וואָלט איך שוין זיי געווען געזאָגט שטעכווערטלעך! מאַלע, וואָס כ'וואָלט זיי געווען געזאָגט! כ'וואָלט שוין געפֿונען וואָס צו זאָגן...

ווי אויף צו להכעיס פֿלעג איך ניט ווען אַוועקגיין, ניט וועלן — ניט קענען. ווי לאָזט מען עפּעס איבער אַאידאַן מיט זיי און אַוועק! ווען זיי זאָלן געווען וויסן, ווי כ'האָב ליב אַאידאַן, וואָלטן זיי ערשט רעכט חוזק געמאַכט. נאָר קיינער האָט ניט געוווּסט חוץ איך מיט מיר.

איך פֿלעג פֿאַרשטעלן מיט דער דלאָניע דאָס פּנים, גלייך כ'זאָל טראַכטן אַ וויכטיקע זאַך, מיט די פֿינגער שיטער אַזוי, אַז דורך יעדן שפּאַלט האָב איך קלאָר געזען אַאידאַן.

אַט אַזױ האָב איך אומגעשטערט אַלע פּאַרנאַכט באַטראַכט איר צורה, ניט קוקנדיק װאָס סאַלאָמאָן מיט ראַמירעסן קומען אַלע טאָג.

סאַלאָמאָן איז געװען אַ דאַרער װי איך און נידעריקער פון מיר. תמיד איז ער קראַנק, שטענדיק טוט אים עפּעס װײ, דאָך פּלעגט ער בלײַבן פרײלעך און אַרבעטן.

מיר דאַכט זיך אַז ער װעט סוף כל סוף קראַנק װערן אויף... כ׳האָב אַאידאַן שטילערהייט געזאָגט אויף װאָס... איז זי בלײך געװאָרן װי די װאַנט... ניט מחמת אײפערזוכט האָב איך איר דערציילט אַז זײַן פּעטער און צװײ מומעס זענען אין טערנאַװוקע געשטאָרבן פון טשאַכאָטקע,נאָר גלאַט אַזױ. עס װאָלט מער ניט געפעלט, נאָר כ׳זאָל זײַן אײפערזיכטיק צו סאַלאָמאָנען... כי, כי, כי; איך אייפערזיכטיק און איבער אַאידאַן; װי לעכערלעך ס׳װאָלט געװען: איך, קלמן — קלעמענטע, װאָס פלעג טראָגן גאַנצע טעג גאַרטעלעך, ניט לײזנדיק אַ סענט, װעל זײַן אייפערזיכטיק צו סאַלאָמאָנען װאָס האָט באַדאַרפט באַלד ענדיקן אויף פּאַרמאַצעװט און איבער װעמען, איבער אַאידאַן, מײַן פּעטערס בת-יחידה, װאָס װערט אַ צײן-דאָקטאָרין און האָט זעכציק טויזנט פּעזאָס נדן! איך בין ניט קיין חסר דעה! אָרעמע אַאידאַ, װי בלײך זי איז געװאָרן זיך דערװיסנדיק, אַז סאַלאָמאָנס קרובים זענען געשטאָרבן פון טובערקולאָז.

איין זאַך טוט מיר באַנג: נאָך װאָס האָב איך נאָך געדאַרפט דער־ציילן אַלעמען, אַז כ׳האָב געזען סאַלאָמאָנען שפּײען מיט בלוט?

אַ שטיק צײט איז זי מער ניט געשטאַנען מיט אים ענג אין װינקל פון פּאַטיאָ און פאַרבראַכט. זײַן אָרט האָט פאַרנומען ראַמירעס.

מײַן פּעטער, דער רײַכער קװענטעניק, האָט אַמאָל געשלאָגן אַאידאַן ביים מיטאָג, זי זאָל ניט מאַכן קיין חנדלעך מיטן שגץ. מיר איז גראָד דאַמאָלס אַרויסגעפאַלן דער טעלער מיט יויך און באַגאָסן זײַן נײעם אַנציג. דאַמאָלס האָט ער פאַרגעסן אין אַאידאַן און אָנגעהויבן מיר זאָגן מוסר. איך האָב אָנגענומען אַ שולדיקע מינע און געקוקט אויף איר.

אַזױ איז עס, די אַרגענטינער שײנע מײדלעך זענען געקנאָטן מיט גע־דיכטע זונען־שטראַלן װאָס ציען אױס די הויט גלאַט, גלאַט; בעסער גע־זאָגט: װי די אײנטאָגיקע רויז װאָס קאָנצענטרירט איר גאַנצע פּראַכט אינעם קורצן בליונגס-פּעריאָד, רײַסט זיך דאָס מײדלשאַפט דורך צאַפּלדיקן פון גלוסט קערפּער שטראָמענװײז.

אַזוי האָב איך געקוקט אויף אַאידאַן, ווען דער פעטער האָט אַ־מוסר געזאָגט פאַרוואָס זי מאַכט הנדלעך מיטן שגץ.

אָרעמער ראַמירעס! מיט זיין גאַנצער אָפענער נשמה האָט ער גע־האַסט מיין פעטער.

ביים טענהן מיט אַאידאַן פלעגט ער בויגן זיין שיינעם קאָפּ נאָענט, נאָענט צו איר, גלייך ר׳זאָל וועלן אים געבן איר פאַה או משכון אָדער זיך באַהאַלטן פונעם רויטן באָרדעוואַטן יידן...

נאָר געדערעכט איז געווען מיין פעטער: אַ מיידל טאָר ניט שמייכלען צו אַ שגץ, זיך לאָזנדיק גלעטן דעם גלאַנצענדיקן עלעקטרישן אָרעם. איך, קלעמענטע, דער בייטל־פאַרקויפער האָב אויך אַזוי פאַרשטאַנען.

אפילו ווען דער שגץ איז אַ קינסטלער און מיט עטלעכע שטריכן איז ביי אים פאַרטיק אַ פּאָרטרעט פון וועמען ס׳איז.

ער איז אַ ווילער בחור, וואָלט ער נאָר ניט געווען אַזוי אַריינגעקוקט אַאידאַן אין צורה, וואָלט איך אים ליב געהאַט.

ביי מיר אין מח פלעגט זיך תמיד פּלאָנטערן דאָס דרייטל: סאַלוואַ־דאָר, ראַמירעס און אַאידאַ, אַאידאַ און סאַלוואַדאָר...

— וויפיל ווילסטו פאַרן גאַרטעלע?

— אַ פּעזע מיט פופציק סענט, סעניאָר ראַמירעז.

און דער פרעמדער קוקט מיך אָן ווי אַ משוגענעם.

איינמאָל האָבן מיך אַ חברה אריינגערופן אין אַן אַלמאַסען, שלעפּנ־דיק אויף אָנקוקן מיין סחורה אויף אַלע זייטן. ווען כ׳האָב דערנאָך אי־בערגעציילט האָבן געפעלט פיר בייטעלעך. פיר בייטעלעך! כמעט מיין גאַנצער ריווח פון דעם טאָג. נאָר מיך האָט ניט געאַרט.

קען מיך אַרן אַזאַ נאַרישקייט, ווען אַ געשטאַלט פון שיינקייט פאַר־שטעלט מיין גאַנץ וועזן?

איין זאַך, מיר האָט זיך שטאַרק ניט געגלוסט אַהיימגיין, הערן דעם פעטערס מוסר, הערן ווי ער וועט מיט געלעכטער דערציילן וואָס פאַר אַ סוחר איך בין, אַז איך מעג צוריקפאָרן אַהיים קיין טערנאָווקע...

האָב איך אַזוי שפּאַצירט שפּאַנענדיק איבער בוענאָס איירעסער גאַסן. כ׳האָב דערזען אַ געשעפט איבערגעפולט מיט קונים, בין איך אויך אריין: אַ רעמאַטע! איינער מיט אַ פאַריסענער נאָז איז געשטאַנען אויף דער סטאָיקע און גערופן אין שפּאַניש: טרעס פעסאָס, טרעס פעסאָס, קיען מאַס? און דער עולם האָט געשטיגן מיט די פרייזן. באַזונדערס זענען מיר

געפּעלן צוויי שיינגעקליידטע, וואָס האָבן געקויפט אַלץ, מוסיף זייענדיק אויף יעדער זאַך. זיי זענען שוין געשטאַנען מיט פּאַקעטן געקויפּטע זאַכן אין די הענט און האָבן אַלץ געשטיגן אויף יעדער זאַך.

אַפּאַטיש האָב איך מיך אָפּגערופן אויף אַ זייגערל, אויף אַ גלאַנצנדיק זייגערל, ווייזט אויס אַ גאָלדנס, מער מיט אַ פּעזע ווי יענע צוויי האָבן פאַר־געלייגט, און דאָס זייגערל איז געוואָרן מיינס, פאַר 10 פּעזעס אַ מציאה.

צוויי וואָכן דורכאַנאַנד האָט מען אין שטוב געלאַכט פון מיין מציאה און ביז יענעם טאָג פלעגט סאַלאָמאָן אַ ליאַדע וואָס מיך פרעגן וויפיל האַלט מיין זייגער, כאָטש ער האָט געוווּסט, אַז מיין זייגער האָט דער פעטער אַרויסגעוואָרפן אין מיסט. איך, אָבער, האָב איינגעגראָבן מיין פּנים אין די הענט, קוקנדיק דורך די פינגער אין אַאידאָס עכט יידישע אויגן, „אָנגעצונ־דענע מיט אַ פייערל פון אונטערטראָפּיקאַלישן קלימאַט.

אָ, סאַלאָמאָן קען אונטערשטעלן יענעם אַ פוס!... דאַכט זיך אַז מיט ראַמירעסן איז ער אַ לעצטער גוטער ברודער, דאָך האָט ער בשתיקה דער־ציילט אויף אים אַ רכילות דעם פעטער און דער האָט אים פאַרטריבן פון שטוב.

אָרימער ראַמירעס, פאַר פאַרדרוס איז ער אַוועק פון בוענאָס איירעס, אויסגעפאַרקויפט ביזן העמד און אַנטלאָפן, גלייך אַאידאַ זאָל אים נאָכלויפן.

וואָס זשע, אַרגענטינע איז קליין? ווייניק וועלדער מיט ראַנטשאָס האָט די טשאַקאָ? וועט ער זיך אַ ביסל שליאָיען איבער דער הייסער פלאַכע, אפשר וועט די זון אַרויסשלאָגן אים דעם שגעון וואָס הייסט אַאידאַ!

פון דעמאָלט אָן פלעגט מיט איר פאַרבריינגען סאַלאָמאָן אומגעשטערט.

איך האָב געקוקט מיט פאַרדרוס ווי אויף צו להכעיס ווערט ער וואָס אַ טאָג רואיקער און געזונטער. קען זיין, ער האָט זיך געשטעלט אַזוינע נאָד־לען... ר'איז דאָך אַ פאַרמאַצעווט, סאַלאָמאָן, און איך... כאַ—כאַ—כאַ—! צוויי קאָנקורענטן!

נאָך אַלעמען בין איך ניט שולדיק אין דעם וואָס איז פאָרגעקומען. נאָך וואָס פלעג ער זיך צוזעצן צו מיר כלומרשט גוטברודעריש רעדן צו מיר אויף צוברעכנעם יידיש און הינטן אַרומער ווינקען מיטן כיטרע אייגל צו

אַאידאַן ווי ער נעמט מיך „פאַר לאַ פאַראַ", מיך, דעם גרינעם בייטל-פאַר-קויפער, וואָס הייסט קלמן און מען רופט אים — קלעמענטע!..

דער טאָג אין וועלכן ס'איז געשען, איז געווען איינער פון די וואָס די נאַטור קלויבט זיך אַ שטיק צייט איידער זי ברענגט אים.

אַ וואַרעמער, שיינער טאָג אום ווינטער, אין וועלכן די צנועה בוענאָס איירעס באָדט זיך אין צערטלעכע זונען-שטראַלן, אַרויסשיקנדיק אירע טעכטער אויף די שוועלן חתנים זוכן.

זייער גאַנץ מיידלשקייט שפּראָצט דעמאָלט דורך די צויבער-ווייסע בלוזקעלעך, זיך בעטנדיק נאָך ליבע און לוסט.

כ'בין געגאַנגען איבער די גאַסן אויף „מאַניעוורעס", ווי דער פעטער רופט מיין מסחר, און געזונגען.

וואָס זינגט אַ טערנעוויקער מלמדס אַ בחור וואָס האָט אַ קול ווי אַן אַרגענטינער אייזל אין צייט פון גרויסער התלהבות?

האָב איך געזונגען „איכה". אַזוי האָב איך געזונגען קינות איבער בוענאָס איירעסער גאַסן — אַ סערענאַדע צום דורשט פון גענוס וואָס איר ווייבע נאַטור רופט אַרויס.

כאָטש מען האַלט מיך פאַר אַ נאַר, פאַר אַן אָפּגעריסענעם נאַר, דאָך ווייס איך תמיד וואָס יענער טראַכט וועגן מיר. אין די אויגן לייען איך באַלד וואָס ער דענקט, אונטערכאַפּנדיק יעדן פאַלשן טאָן און פאַרשטעקטע מינע.

נאָך מיטאָג האָט מיך אַאידאַ געבעטן איך זאָל זי לערנען שרייבן יידיש. איך האָב געזען אַז זי שטויסט זיך אָן אין מיינע געפילן צו איר און וויל מיך פּרוּוון.

איר וואַרעמקייט האָט מיך פאַרשיכורט, נאָר כ'האָב רואיק איר געוויזן ווי מען שרייבט די אותיות. נאָר ווען איך בין אַרויס אין גאָס מיט מיינע גאַרטעלעך, האָב איך געזונגען.

„קאַרטעראָס" — האָב איך געזונגען מיטן ניגון פון קינות.

די דורכגייער האָבן מיך גערעכנט פאַר משוגע, נאָר אַ סך געלט האָב איך געלייזט, צוואַנציק בייטעלעך פאַרקויפט.

פאַרנאַכט האָב איך מיר אַזוי געטראַכט:

אַאידאַן לערנען שרייבן... 10 פּעזעם פאַרדינסט... זי'ט ווערן מיט מיר געווינט. כ'על פאַרדינען 10 פּעזעס אַ טאָג... זי ליבט מיך... כ'על ווערן רייך... דער פעטער וועט זאָגן: ס'פּאַסט נישט מער, קלעמענטע: זי אַ צייג־דאָקטאָרין און דו וואָס?... וועט מען עפענען אַ קאָנסולטאָריע... אַזוי האָב איך יענעם פאַרנאַכט געטראַכט אַהיימגייענדיק.

אין מיטן וועטשערע איז סאַלאָמאָן געקומען אויסגעפּוצט ווי אַ קאָמ־פּאַדרע מיט אַ רויטער בלום אין לאַץ.

נאָך וואָס האָט ער גראַדע דאַמאָלס געטראָגן אַ רויטע בלום?

ווי תמיד האָט ער זיך געחכמעט מיט מיר, גלעטנדיק הינטנאָרימער אַאידאַן.

ווען איך האָב מיך אָפּגעשרפעט דאָס מויל מיטן זופּ, האָט זיך מיר גע־דאַכט, אַז דער גראָבער סיפּאָן האָט געוווּנקען: „איך וועל נעמען דיין נקמה, איך!". באַלד האָט ער עפּעס איר דערציילט אין אויער קוקנדיק אויף מיר מיט אַ געלעכטער און זי האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף ניין.

זי האָט מיר אַ פרעג געטון אין יידיש: „זאָגט נאָר קלעמענטע, איר געטאַנצט, שקצים קויפן גאַרטעלעך?"

— געטאַנצט?

דאָס איז שוין געווען אַ ליגן! כ'האָב געזונגען „איכה", דאָס יאָ, און ניט פאַר די שקצים, פאַר מיר. וואָס דען זינגט אַ טערנאַווקער בחור וואָס פאַרקויפט בייטעלעך און האָט אַ קול ווי אַן אייזל, אויב אַאידאַ איז געזעסן נאָענט, נאָענט?

האָב איך געזונגען קינות, אָבער געטאַנצט, דאָס איז געווען אַ ליגן...

דער סיפּאָן האָט מיר געווונקען: „איך, איך וועל נעמען נקמה", האָב איך געכאַפּט מיין נקמה נעמער ביים גאָרגל, אים איבערגעקערט מיטן בויך אַרויף און געגעבן צוויי זעץ: טראַך, טראַך... גלייך איבערן גלאַט-פאַר־סעמטן קאָפּ, איינמאָל מיט כוח און דאָס צווייטע נאָך שטאַרקער.

דאַכט זיך אַז נאָכן ערשטן מאָל האָט ער אַ קװיטש געגעבן „בי, בי, בי!!!"

---

פון טורמע האָט מען מיך איבערגעפירט אין שפּיטאָל פאַר טובערקו־לאָזע. דאָס האָט זיך װײַזט אויס דער פעטער געמיט.

דאָס איז דאָס אײנציקע שלעכטקייט פון דער קראַנקייט װאָס כ'געדענק אַלץ, גאָרנישט קען איך פאַרגעסן, אַפילו אױף אַ רגע נישט. װײַטער איז נישט מסוכן: פאַרטשעפּעט זיך עפּעס אינעװײניק, ציט מען אויס דעם גאָרגל און מען מאַכט ר—ר—ר—ר... העלפט ניט, הוסט מען און מען שפּײַט, הוסט מען און מען שפּײַט, לאַנג, לאַנג, לאַנג...

# אין אַ שײנער לבנה־נאַכט

I

בגנבה האָט דער קאָנדוקטאָר מיך ווי אַריינגעשטופּט אין אַ פֿינצטערן משא־וואַגאָן, וואָס איז געווען ווי צוגעפּאַסט פֿאַר אַזוינע פּאַסאַזשירן ווי איך, וואָס טאָרן די ליכטיקע שיין ניט זען. אָבער ער, דער קאָנדוקטאָר, איז געווען גאַנץ צופֿרידן פֿונעם שיינעם לוין וואָס ער האָט געקריגן. ווער ווייסט וויפֿיל ס׳וועלן נאָך זיין ביזן אָפּרייזן ראָסיסקע זשידקעס, וואָס אַנטלויפֿן פֿון דאָרט ווי פֿאַרסמטע מייז!...

כ׳האָב מיך צוגעשלעפּט אין דער פֿינצטער צו דער וואַנט און אויסגעצויגן אויף דער פּאָלקע, וואָס וועדליק מיר האָט זיך געדוכט, האָט זיך געצויגן אין דער גאַנצער לענג. ס׳איז מיר געווען אַלץ איינס, אדרבא, מיך האָט אַ ביסל געפֿרייט וואָס אין דעם מאָמענט בין איך אַליין. כ׳האָב געפֿילט אַז בשום אופֿן וואָלט׳ך איצט ניט געליטן קיין מענטשלעכע געזעלשאַפֿט, אַ קליינינקייט, אין איין מעת־לעת זיין אָפּגעשניטן פֿון מיין היים, פֿון מאַניען, קען זיין אויף אייביק! אמת, דאָס לעבן דאָרט איז געווען אומדערטרעגלעך. פֿון איין זייט דער בירגער־קריג, די שחיטות מיט אַלע זייערע געפֿאַרן, און פֿון דער צווייטער — מיין ניט באַפֿרידיקטע ליבע, האָבן זיך פֿאַרוואַנדלט אין אַ בינטל נערוון, וואָס ציטערן אויף ביי יעדער קליינינקייט און צעגיסן זיך אין אַ ספּאַזמישן יאָמער. אָבער מאַניע? מיר דאַכט זיך, אַז זי עקזיסטירט שוין נישט, זי איז אָפּגעזונדערט פֿון מיין מח, און ווי וועל׳ך פֿאַרזעצן מיין אָרעמען זיין, וויסנדיק אַז צווישן מיר און איר שטייט אַן אוממעגלעכקייט אַפֿילו אַ קוק טון פֿון וויטנס?...

יאָ, איין זאַך האָט מיך אַ ביסל געטרייסט: כ׳האָב די לעצטע צייט

פאַר מיין אָפּפאָרן פון סטאַרי־סוועט אַ סך געלייענט, באַזונדערס מעטער־לינקס סימבאָלישע ליבע־דראַמעס. כ'פלעג פאַרגעסן אין זיינע העלדן און מיינען אַז דאָס רעד איך מיט איר. איך בין דער גרויסער מענטש וואָס קען מיט זיין נשמה ארומנעמען אַזאַ הויכע הימל-פרייד פון ליידן, און זי — די נאַאיווע, דאָך לעבנסלוסטיקע פּרינצעסין, וואָס זוכט איר פאַנטאַזיע-פרינץ, און וועל אייביק זיין צוגעבונדן מיט דעם אָנשיקעניש וואָס הייסט ליבע. אויך איצט, אַליין אין פינצטערן וואַגאָן, בין איך געווען גערולדיק מיט מיינע יסורים של אהבה וואָס לייטערן די נשמה, און וועלן וועלכע וועלן נאָך לאַנג, לאַנג זיין פאַר מיר הייליק...

עמיצער האָט זיך געפּאָרעט ביי דער טיר און כ'האָב אַ ציטער געטון: אפשר איינער פון די פּוילישע דעטעקטיוון... ער קען מיך אָננעמען פאַר אַ שפּיאָן און דאַמאָלס... די טיר האָט זיך געעפנט און דער קאָנדוקטאָר האָט אַריינגעשטופּט אַ צווייטן האָז, צומאַכנדיק אויף גיך.

שוין ווייסנדיק, אַ פּנים פון פריער, אַז ס'איז פאַראַן אַ לעבעדיק באַשעפעניש, האָט דער נייער גאַסט זיך געלאָזט הערן מיט אַ לייכטן הוסט, וואָס זאָגט אָן, אַז נעבן אייך שטייט אַ בנעימותדיקע קאָקעטישע פרוי. כ'האָב מיך נישט גערירט. וואָס אַנאמתן, קען מיך אינטערעסירן אַ ליאַדע קאָקעטקע אַז זי, מאַניע, איז פון מיר אָפּגעשניטן מיט פילע וועלטן? נאָר פון העפלעכקייט וועגן האָב'ך מיך אָנגערופן אין רוסיש: מאַכט זיך באַקוועם, ביי דער וואַנט רעכטס איז פאַראַן אַ באַנק. אַ רוסישע?

—אַדאַנק, ניין, אַ יידישע פון רוסלאַנד, — איז געקומען אַן איראָנישער ענטפער פון דער פינצטערניש. דער טאָן האָט מיך אַ ביסל באַליידיקט: ווער מיינט זי בין איך, וואָס זי ענטפערט מיר איראָניש?

כ'האָב מיך אויפגעהויבן און געהאָלפן איר זיך איינאָרדענען. אונדזערע פּעקלעך צונויפגעלייגט אין ווינקל. זי נעבן זיי, כדי זי זאָל זיך קאָנען אָנשפּאַרן, און איך — נאָך איר. צווישן אונדז האָט זיך פאַרפירט אַ לייכטער שמועס, פון וועלכן כ'האָב מיך דערוווּסט אַז זי איז אַן אָדעסער סטודענטקע, איז אַנטלאָפן פון דאָרט מיט איר פאַמיליע, וועלכע איז נעבליבן אין אַ שטעטל נעבן דער גרענעץ. אַליין איז זי, ווי איך, בגנבה אַריבער די גרענעץ און פאָרט קיין וואַרשע, ווו ס'וואַרטן אויף איר פּאַפּירן מיט געלט פון נאָרד־אַמעריקע.

פון דער פּלאַטפאָרמע האָט זיך דערהערט אַ פיבעריש אייַלעניש, דער לאָקאָמאָטיוו האָט אַ טיפן קרעכץ געטון, נאָך וועלכן דער שווערער בעל-גוף

האָט זיך אָפּגעריסן פון זיין אָרט און זיך געטראָגן אין דער ווייטער נאַכט אריין.

די לבנה־שטראַלן האָבן, ווייזט אויס, געוואַרט די גאַנצע צייט פון יענער זייט טיר און זיך מיט אמאָל אריינגעשיט ביים עפענען, און זי אַליין, זייער בלייכע מוטער, האָט זיך מיושבדיק שפּאַצירט אונטער שיטערע קליי־נע שטיקלעך כמארע. מיין שכנה האָט אויסגעוויזן אַ צוואַנציקיעריק מיידל, מיט אַ פרישׁ בליענד פּנים, פון וועלכן ס׳האָבן אַרויסגעגלאַנצט צוויי שיינע שעלמישע אייגעלעך. ביי יעדער אירן שמייכל האָבן זיך געבילדעט צוויי לאַנגעדיקע חן־גריבלעך וואָס האָבן זי געמאַכט באַזונדער אַנגענעם. מיר האָבן געשפּאַסט פון אונדזער לאַגע, פונעם לעבן אין רוסלאַנד און מיר האָבן זיך געפונען גאַנץ פריילעך און אויפגעלייגט. אַ מינוט איז מיר דורכגעפלויגן דער געדאַנק „מאַני!‟ נאָר ווי אומגערן האָב איך באַלד פאַרגעסן אין דער אָנגעווייטיקטער טעמע... מיר האָט זיך אויסגעוויזן ווי ס׳וואָלט דאָ געזעסן אַ קעניגלעך פּאָר, פאַר וועלכן די ערד פירט דורך איר גאַנץ פאַרמעגן: אָט איז דורך אַ יונג ווערדל מיט זיינע שורות בוימער, וואָס האָבן אין דער פינצטערניש אויסגעזען ווי פאַרגליווערטע חילות. כ׳האָב פון התלהבות זי געגלעט, מורמלענדיק איר ליבעס־ווערטער, און זי האָט זיך ניט געוועדט. זי איז געווען איינע פון יענע טייערע פּערל פון פּרויעשע באַשעפענישן, וואָס זוכן צו געניסן גליק ביי יעדער אומשטאַנד, ביי יעדער געלעגנהייט.

אפשר איז דאָס געווען אַ חלום, און פון אייביק אָן ביז אָן אַ סוף זיצן מיר אַזוי איינזאַם אין אמתן גליק, וואָס צוויי נשמות גיסן זיך צונויף, כדי זיך קענען בוקן פאַר אָט דער פּרעכטיקער נאַכט? אָדער, אפשר האָט אונדז דער לויפנדער צוג פון יענער זייט לבנה אַרויסגעגנבעט און זי לויפט אונדז נאָך מיט אירע שטראַלן? נאָר מיר דאַכט זיך, אַז לאַנג, מיט טויזנט יאָר צוריק, האָט עפּעס אין מיר געיאָמערט, גענאָגט, אומטרייסטבאַר געבענקט נאָך דער פאָרם פון מיין דענקען וואָס האָט געהייסן מאַני... ניין, דאָס האָט ניט מיט מיר פּאַסירט, דאָס האָט פּאַסירט מיט אַ צווייטן, אַ זייער נאָענטן צו מיר, און וואָס האָט גראָדע געהאַט מיין נאָמען...

איך און זי האָבן זיך אַרומגענומען, יעדע ווייַלע און דערקענענדיק זיך, צוריק צעטיילט.

דער צוג האָט זיך אָפּגעשטעלט ביי דער גרויסער סטאַנציע ל. פון דאָרט האָב איך געהאַט נאָר אַ פערטל שעה רייזע, און זי — נאָך גאַנצע

צוועלף. בשום אופן האָבן מיר ניט געקענט צוטראַכטן קיין מיטל כ'זאָל פאָרן ווייטער. קיין געלט האָבן מיר ביידע ניט געהאַט, און וואָרשע האָב איך ניט קיין באַקאַנטע און מיר האָבן זיך געמוזט צעשיידן.

ניט איך, נאָר מיין דריי יאָר אָנגעווייטיקטע נשמה האָט איר געקושט די גאַנצע צייט, ביז דער קאָנדוקטאָר האָט מיר געגעבן צו וויסן אַז כ'דאַרף אָפּשטייגן.

און ווירקלעך, אויף דעם שילד פונעם וואָקזאַל, ווו דער צוג האָט זיך פּלוצים אָפּגעשטעלט, האָט זיך דייטלעך געלעזן: „פּשעווירסק", פינף קי-לאָמעטער נאָך וועלכן ס'ווינען מיינע קרובים.

II

כ'בין אַראָפּ. שלעפעריק האָט אויסגעוויזן דער קליינשטעטלדיקער וואָקזאַל אינמיטן נאַכט. נישט קיין לעבעדיק יידיש באַשעפעניש, וועמען אַ וואָרט צו פרעגן.

עטלעכע טריט פון מיר האָט שפּאַצירט אַ מיידל אין אַ פּויליש שילע-רין-היטל מיט אַ רייזע־טאַש, אַ סימן זי איז אָנגעקומען מיטן זעלבן צוג. זי האָט גנביש געקוקט אויף מיר און געוואַרט כ'זאָל אָנהויבן רעדן. צום אומגליק האָב איך קיין פּויליש ניט געקענט אַ וואָרט. סוף כל סוף האָט מיין נייגעריקייט איבערגעוויגן און כ'האָב זיך געווענדט צו איר אויף רוסיש, צי איז ניט ווייט דאָס שטעטל פונעם באַנהויף.

זי האָט זיך אַנטשולדיקט, זי פאַרשטייט ניט קיין רוסיש, נאָר אוב כ'וויל זאָל איך רעדן יידיש. כ'האָב מיט פאַרגעניגן איבערגעחזרט מיין פראַגע אין יידיש.

יאָ, דאָס שטעטל איז ווייט, אַנדערטהאַלבן קילאָמעטער פונעם באַנ־הויף, נאָר ס'נודעט זי וואַרטן גאַנצע זעקס שעה ביז טאָג.

קיין בעסערן צופאַל האָב איך ניט געדאַרפט. כ'האָב סיי ווי ניט גע-קענט וואַרטן ביז טאָג אויפן וואָקזאַל, אַז אַ ליאַדע פּאָליציאַנט זאָל מיך דערקענען. כ'האָב זי באַקאַנט אין מיין לאַגע און געבעטן מיטגיין אין שטעטל צופוס, מיר וועט זיין היימלעכער און זי וועט זיין נאָך היינט אין דערהיים, אגב, וועט זי מיר טאַקע ווייזן אַן אכסניה איבערצונעכטיקן.

דער וועג אין שטעטל האָט זיך געשניטן צווישן צוויי העכערע זייטן פון גרין פעלד, וואָס האָבן זיך געטרונקען ווייט-ווייט אין הימל און שאָטנס.

מיר האָבן געשפּאַנט שווייגנדיק, באַרוישט פון דער ריידנדיקער גאַכט־שטילקייט.

סוף זומער. יונגע גרעזלעך, וואָס זענען אויפגעוואַקסן אויפן אָרט פון אומגעקומענע זאַנגען, האָבן קוים באַמערקט געציטערט, אַפּנים קדיש געזאָגט נאָך יענע זקנים. דער עלנטער, שוין אַרומגעשיילטער בוים זאָט חסר-דעהדיק גערעדט צו זיך, אָדער צו אונדז, אָדער גאָר דערציילט אַ מעשה די פרישע אייניקלעך. די נאַכט-הערשערין האָט געדולדיק באַטראַכט איר מלוכה, וואַרפנדיק שטראַלן מיט אַ ברייטער האַנט פון אַ מלכה.

כ'ווייס ניט פון וואָס, נאָר מיין יונגע באַגלייטערין האָט מיט באַגייסטערונג גענומען מיין האַנט און שטאַרק, דאַכט זיך לײדנשאַפטלעך, יי גערדריקט.

פילע, פילע וואָכן אַז איר מיידלשע נשמה בענקט נאָך אַ זיווג, אַז איר צייטיקער גוף גליט אין אייגענעם גלוסטן און דאָס אַלץ האָט איר פּנים דערציילט אונטער דער ווירקונג פון כשופדיקער נאַכט.

כ'האָב געפילט, אַז אויך איך קען ניט ביישטיין דעם כוח פון צוויי־בערנדן הימל. איבערפולט איז געווען מיין איך פון הייליקער נאַטור־מתיקות און כ'האָב געמוזט, יאָ געמוזט אין דעם מאָמענט מיט עמעצן טיילן די גרויסע ליבע...

און שיין איז זי געווען. כ'האָב מיר ניט פאַרגונען מיט אַמאָל אַזאַ גרויס גליק. אַ ווײלע בין איך אָפּגעטראָטן עטלעכע טריט, זי באַטראַכט, גלייך איך זאָל זיך באָדן אין איר שיינקייט, און מיט אַמאָל זיך צונויפ־געדריקט ביידע. אָפּגעשיידט זיך, צוגעדריקט זיך און ווידער אָפּגעטראָטן.

אַ ווײלע איז מאַניעס צורה ווי די ציציות אין יענער לעגענדע, גע־שטאַנען פאַר מיר מיט אַ פאָרוואורף: אייביקע ליבע ? מעטערלינקס יסורים של אהבה ?...

דאָס מאָרגן, שפּעטער; דערווייל, טייער שיין קינד פון דער נאַכט, כ'בין דיינס אויף אייביק, אויף אייביק, ביז אין שקרשן טאָג וועלן מיר זיך ליבן !...

אַזאַ נמאס, עזותדיק שטעטל ! ניט מיר, ניט דיר, זיך צעלייגט נאָכן שפּיץ בערגל, אַזוי אַז מיר האָט זיך געדאַכט ווי כ'האָב מיך אינדרינען פאַרטשעפּעט. ווי ס'וואָלט אומישנע אַנטקעגנגעלאָפן, כדי מיך אָפּצורייסן פון מיין גליק...

אַקעגן איר שטוב, אינמיטן דער שמאָלער צענטראַלער גאַס, אָט יענע צװײ־שטאָקיקע דירה, איז אַ האָטעל אױפֿן גרױסשטעטישן אופֿן. זי האָט זיך מיט מיר האַרציק געזעגנט, און מיך געבעטן מאָרגן אָן אַ תירוץ קומען. איר פֿאַמיליע איז אַװערבוך, דער פֿאָטער הײסט אברהם, כ׳זאָל ניט פֿאַר־געסן, אברהם אַװערבוך...

III

אױף מײַן ערשטן קלונג אין האָטעל האָבן זיך פֿון דאָרט דערהערט גרינגע פּרױאַישע טריט, דאַכט זיך באָרװעסע.

מיר האָט געעפֿנט די טיר אַ טיפּיש דאָרפֿס־מײדל, װאָס האָט מיך באַטראַכט מיט פּױערישער נײַגעריקײט, און געפֿרעגט אױף צעבראָכן פּױליש װעגן מײַנע זאַכן און צי װעל איך לאַנג זײַן.

װען כ׳האָב געענטפֿערט אין אוקראַיִניש, אַז קײן זאַכן האָב איך ניט און אַז מאָרגן פֿאַר איך אָפּ אין דאָרף ס. צו מײַנע קרובים, איז זי געװאָרן מיט מיר גאַנץ הײמיש: יאָ, זי איז פֿון יענעם דאָרף און קען גוט אַ יעדן. װער זענען מײַנע קרובים? זי האָט מיך אַרײַנגעפֿירט אין אַן ענג קלײן צימער. דאָס ליכטל, װאָס זי האָט אָנגעצונדן האָט באַלױכטן אַ װײַס קלאָר געלעגער, אַ נאַכט־טישל מיט צװײ בענקלעך.

כ׳האָב געפֿילט, אַז מײַנע צעשרױפֿטע נערװן פֿון דער װוּנדער־נאַכט װעלן ניט אױסהאַלטן די אײנזאַמקײט פֿון מעבלירטן צימער און האָב זי פֿאַרבעטן בלײַבן אַביסל שמועסן.

זי איז געװען לײכט אָנגעטון; זי האָט זיך געאײַלט מיר עפֿענען און דערפֿאַר אַרױס אין נאַכט־קלײדער. איר פּנים האָט פֿאַרדעכטיקט געברענט און אירע געזונטע מוסקולן האָבן געציטערט אונטערן דינעם נאַכט־העמד פֿון אױפֿרעגונג. כ׳װאָלט געשװוירן, דאָס מײדל האָט זיך געװאָרפֿן אױפֿן האַרטן געלעגער, שטיקנדיק זיך פֿון ניט באַפֿרידיקטער תאװה. ערשט ניט לאַנג האָט זי אַנדרײ אַזױ געשמאַק גערדריקט צו זיך און איצט אַלײן אױף אַ האַרטער קאַנאַפּע!... זי האָט זיך געזעצט נעבן מיר און געװאַרט מיט אירע בעטנדיקע אױגן...

---

אַז די סוף־זומערדיקע זון האָט מיך אױפֿן צװײטן פֿרימאָרגן מיט אירע אָפּגעקילטע שטראַלן געקיצלט, געקיצלט און אױפֿגעװעקט, האָב איך

דערפילט אין מיר אַזוי פיל כח, אַזוי פיל ענערגיע, ווי אין יענע פאַרשוווּנ-דענע צייטן ווען די גאַנצע וועלט איז געווען מיינע, און איך יעדנס און קיינעמס, ווען איבער אַלץ האָט געהערשט דער קינדערשער שמייכל, ווען אַלץ האָט אויסגעוויזן גרינג און מעגלעך...

און אַז יענערס געשטאַלט האָט זיך דורכגעריסן דורך מיין מח און זיך געשטעלט פאַר מיין באַוווּסטזיין, האָב איך אויסגעשאָסן מיט אַ לאַנגן געזונטן געלעכטער: כאַ, כאַ-כאַ — אייביקע ליבע!

כאַ־כאַ-כאַ — מעטערלינקס ליידן!

כ'בין רויט, שטאַרק רויט געוואָרן פאַר בושה, פאַר מיינע געוועזענע נאַרישקייטן...

# אײדעלמאַן

דאָס קלײנע, דאַרע מײדעלע פּאָלינאַ, די דינסט פונעם באַלעבאַטישן פּענסיאָן־הויז „קואַראַנטאַ", איז אַרומגעגאַנגען פאַרביסן, אויף אַלעם ענטפערנדיק מיט אַן אָפּגעשניטענעם „יאָ" אָדער „ניין, הער"!

דאָס פּענסיאָן-הויז „קואַראַנטאַ" איז ניט פון די, וווּהין אָפּגעריסענע, גראָב-דערצויגענע פּויערים קומען אויס נויט זיך קורירן אין די סיערראַס, ניין!

דאָ פאַרברענגען פאַמיליעס פון הויכן שניט. הײ־יאָר שטײט אפילו אײן אַ נאָרד-אַמעריקאַנער פאַמיליע.

אָט וואָס פאַראַ פּענסיאָן־הויז דאָס איז.

און דאָ האָט זיך דאָס פּראָסטע דינסט־מײדל פאַרעקשנט: „סי סעניאָר" און „נאָ סעניאָר". מער הערט מען ניט.

זײ, די „ניניאָס" פון הויכער געזעלשאַפט, װעלכע זענען געװױנט צו װײכער באַנעמונג, מען זאָל זײ שמײכלען און חנפענען בײ יעדער געלעגנ־הײט, מוזן הערן אַ ברוגזן ענטפער פון אַ „ראַנטשעראַ" — אַ דינסט-מײדל.

אַלע האָבן געװוּסט: שולדיק איז דער רוסאָ. זינט ער איז געװאָרן אַ שמעלקע און פאַרברענגט מיט איר גאַנצע נעכט, גײט זי אַרום װי אַ פּרינצעסין אַ גאַנצע. שװער איז אינמיטן סעזאָן קריגן אַ דינסט, אַ ניט, געװײנלעך, װאָלט מען איר באַלד געגעבן דעם װעג און ער, דער רוסאָ, איז טעגװײז געקראָכן, שטײן אַרויף, שטײן אַראָפּ, װי צװישן כוואַליעס האַרטע, שפּיציקע, פאַרגליװערטע געװאָרענע פון אַ כשוף, אַ קללה אַ פּלי־צימדיקע...

סאַמועל אײדעלמאַן האָט ניט געקענט בשום אופן געפינען די סבה פאַרװאָס די לעצטע פאָר יאָר האַלט ער אין אײן טראַכטן פונעם טויט.

אמת, ניט נאָר די מורא פאַרן טויט פאַנגט אים, ניט אָפּלאָזנדיק, נאָר די גאַנצע עקזיסטענץ פון מענטשן מיט אירע קאָנטראַסטן פּלעגט מאַטערן זײַן נשמה, ניט לאָזנדיק אים געניסן פונעם לעבן. פון איין זײַט, אַזאַ שטאַרקער ווילן, וואָס קנעט אַלעס ארומיקעס, וואָס געפינט און רעגולירט נאָך זײַן באַגער די פאַרבאָרגנסטע כוחות, וואָס רעכנט אויס ביז אין קלענסטן די באַציִאונגען פון זאַך צו זאַך און פון דער צווייטער — אַזאַ אומבאַהאָלפנקייט בנוגע אייגענעם באַנעמען פון „זײַן" און אומקלאָר־קייט פון באַגריף פון לעבן.

וואָס־זשע פאַרט איז עס אַזוינס?

ווו איז דער קוואַל פון זײַן געדאַנק און ווהין פאַרשווינדט ער דערנאָך?

איידעלמאַן ווייסט: דער מח, די צענטראַלע פון נערוון באַשטייט פון אַ קאָמפּליצירטער מאַטעריע, וואָס איר איידעלסטע אויפרעגונג גע־בוירט עלעקטרישע כוואַליעס. זיי, צוזאַמענשטויסנדיק זיך, ברענגען מחשבות, געפילן. אָבער די טעכנישע דערקלערונגען באַלייכטן כלל ניט דעם עיקר: ווי אַרום געפינט מען אַ צוזאַמענבונד צווישן, פאַרן און נאָכן לעבן?

צוערשט האָט ער געמיינט, אַז די טרויעריקע געדאַנקען זענען אַ קאָנ־סעקווענץ פון זײַן אָפּגעשוואַכטן פיזישן מצב, נאָר סוף־כל־סוף איז ער דאָך פריער פיל ערגער און ריכטיק קראַנק געווען, דאָך פּלעגט ער זיך רואיק באַציִען צו זײַן גורל.

ניין, ס'איז ניט דאָס!

האָט ער זיך דערמאָנט אין טאָלסטאָיס „ווידוי", ווי מיט אים האָט כמעט דאָס זעלבע פּאַסירט און דער סוף איז געווען אַ טונקעלע רעליגיעזע שטימונג. עפּעס האָט זײַן מח געפונען אַ באַפרידיקונג אין אַ גאָטהייט, אַן אָנטשעפּ אַזאַ, אין וועלכן טאָלסטאָיס מידע, אויסגעשעפּטע פאַנטאַזיע האָט געפּרוּווט זיך אָפּרוען.

און איידעלמאַן האָט טאַקע ניט געוווּסט די סיבה! דאָס קליינע ריטשקעלע „מינאַ קלאַוועראַ" האָט זיך געדרייט זיגזאַגיש, ערטערווייז דורכפּליסנדיק דורך לעכער, פון איר, אין סקאַלעס אויסגעבויטע פון ביידע זײַטן וואַסערל, זענען געלעגן גרויסע שטיינער, ווי אימיצער זאָל זיי געוווען פון זײַן פאַרטוך געדיכט מיט דער זשמעניע פאַרזייען.

פון די הויכע צוויי בערג, איינער קעגן אַנדערן, האָבן אַראָפּגעהאָנגען

שטיקער סקאַלע ווי אַראָפּגעריסן לייב, גרייט יעדע מינוט צו פאַלן אויף די אונטנליגנדע. און אויסגעוויזן האָט, אַז דאָס קלייניקע, שטילינקע, ריטשקעלע איז אַ וואָרעם, אַ טויזנט יעריקער, וואָס טאָטשעט און טאָטשעט די צוויי שטומע גולמס, מאַכנדיק זיי פוילן לעבעדיקערהייט און רייסנדיק פון זיי גאַנצע אברים אָפּגעפוילטע.

ביסלעכווייז האָט ער דערפילט, ווי זיין גאַנץ וועזן איז דורכגעדרונגען געוואָרן מיט דער שטומער גראַנדיעזקייט, וואָס דערציילט אים דעם סוד פון לעבן און טויט.

ניין! קיין ווערטער איז ניט געווען מיט וואָס צו פאָרמולירן אָט דעם סוד, אויך קיינע באַשטימטע געדאַנקען האָבן אים געקאָנט אין אַ סדר באַלייכטן פאַרן פאַרשטאַנד; דאָך, האָט ער געפילט, אַז ער, שמואל איידעלמאַן, איז ניט מער ווי אַ שטיין, דורך וועלכער ס'איז סיבה אָפּגעריסן פון „גאַנצן", — דאָס ווידערבאַהעפטונג מיט וועלכן וועט הייסן טויט.

האָט ער זיך צונויפגעקאָרטשעט אין דרייען לעבן אַ שטיק שטיין אַ שפּיציקן און געטראַכט: אָט, למשל, זענען מיר צוויי שטיינער, אַ גרויסער, גרויסער און איך, אַ קלייניקער... אַזוי, האָט ער געפּרוּווט ווערן לחלוטין געדאַנקענלאָז, בכדי אַביסל זיך באַרואיקן.

וואָס אינטערעסאַנטעם פאַרמאָגט זיין לעבן? — 30 יאָר האָבן זיך יוי צווישן די פינגער אויסגעגליטשט אין פּוסטן וואַרטן, אויף וואָס? — אויף זיין גליק ניט געשטויגענעם! ער האָט זיך מיט אַמאָל דערמאָנט אין דער שיינער פּאַולינאַ, וואָס זוכט אים אפשר איצט מיט אירע קויל־שוואַרצע אויגן און האָט זיך געלאָזט צוריק אין פּענסיאָן־הויז, צוריק אין באַלעבאַטישן פּענסיאָן-הויז „קואַראַנטאַ".

פאַרוואָס איז זיין געפיל פאַרמאַכט פאַר דעם רוף פון ליבע, אַזוי היים דערוועקטער אין דער טאָכטער פון קאָרדאָבער סיערראַס?

פּופּצן בחורישע יאָרן איז זיין איינציקער באַגער געווען פרויען־ליבע; פאַרוואָס־זשע זינגט ניט זיין נשמה איצט, ווען פּאַולינאַ לאָזט קינדיש אַראָפּ די שאַרפע אויגן זיך בעטנדיק: „מוטשאָ, מוטשאָ טע קיעראָ, מי רוסיטאָ"?

וואָרום ער, סאַמועל, גלויבט ניט אין דער טיפקייט פון אָט דעם געפיל אירן. אים קען מען ניט ליבן, אַ גרוילעכע צורה וואָס ער האָט מיט דרייסיק אויסגעדאַרטע יאָר אויף זיין פּנים. ווי קען מען דאָס אים ליבן? זי האָט געזען: אַן אויסגעפּוצטער מיט אַ קאָלנער אַ דאַרן, לייענט אָפּט אויף אַ

קול ביכער אַזוינע גראָבע, גאַלאָפּירט אויף אַ פערד אין ווייסן ספּאָרט־אַנצוג, נו, איז זי פאַרנאַרט געוואָרן פון דעם גלאַנץ, דעם אױבנאויפיקן.

ניין, ער גלויבט ניט אין דער טיפקייט פון ליבע-געפיל אירן, זינגט דערום זיין נשמה ניט ווען איר וואַרעמע שטייפע זיידענע ברוסטן גליטשן זיך פון אונטער זיין קוש אַפּיר.

וואָרום לאַסטשעט ער זיך דאַמאָלס צו איר, צוזאָגנדיק גליק און טרייהייט?

וואָרום אַ שוואַכלינג איז ער און האָט קיין מוט ניט צו פאַרלאָזן אַזאַ נעלעגנהייט, זיסע מינוטן פון פרויען-צערטלעכקייט...

איז ער געקראָכן איבער די שטיינער צוריק אַהיים, רעדנדיק צו זיך זעלבסט, זיך זידלענדיק מיט די ערגסטע זידל-ווערטער, וועלכע זענען אים נעקומען אויפן געדאַנק.

אים האָט זיך געדאַכט אַז די הויכע צוויי גרויסע ווענט, וועלכע האָבן משופּעדיק זיך איינגעגעסן אין הימל, האָבן אים אוממיסטן אַרומגערינגלט, אָפּגעשניטן פון דער גאַנצער וועלט, ביז זיי וועלן אים צעדריקן, זיך צו־נויפקומענדיק...

אַזוי איז שוין דער סדר אין בערג־האָטעלן.

נאָכן אָוונט-מאָלצייט וואַרפט מען די טישן פון עס-זאַל אַרויס און דער גאַנצער עולם פאַרברענגט אין אַלגעמיינער שפּיל אָדער טענץ.

דאַמאָלס בלאָזט זיך מער ניט דער נאָרד־אַמעריקאַנער מיט זיין הויכער פרוי ווי געווײנלעך, קוקנדיק פון אויבן אַראָפּ אויף די איבעריקע געסט, דאַמאָלס ווערט אויך וואַכנדיקער די אַלטע פרומע אַריסטאָקראַטקע וועגן וועמען די באַלעבאָסטע רעדט איין אַ סוד, אַז זי איז אַ נאָענטע קרובה דעם דעפּוטאַטס, דעם דעפּוטאַט קאָנסאָלאָס אַן ערשטע מומע; באַווײַליקט זי טאַקע אין דער שעה שוין רעדן מיט אימיצן אַ פּאָר ווער־טער וועגן דער פראַכטפולער מיסאַ אין קלויסטער „דעל קאַרמען", דאָרט, אין בוענאָס איירעס; פלעגן דאַמאָלס די צוויי פאָלקס־לערערינס, קינדער, וואָס דערמאָנען גאָטס נאָמען אויף טריט און שריט, רכילותן: אַ גדלן דער רוסאָ, קוקט מיט אַזאַ שנאה אויף יעדן. אָדער ער לייענט, אָדער ער פאָרט ווו, אַ ניט פאַרברענגט ער איינער אַליין מיט פּאָולינאַן די דינסט... מסתמא פון די עכטע חברה, אַן אַנאַרכיסט, אַן אויסוואורף... און דער שוויגנדיקער ניו-יאָרקער איז שוין מער בקי אין פּאָליטיק: אַ קאָמוניסט מסתמא, אַן אַגענט אַ מאָסקווער...

און ער האָט דורכן שמאָלן פענצטערל פון קיך זיך מיט פּאולינאַן איבערגערעדט: גאָטס גנבים, די אַלטע מכשפה איז אַ גאַנצע מיוחסת, אַ דעפּוטאַטס אַ קרובה צו אַלדי רוחות מיט איר דעפּוטאַט, פּאַראַזיטן פאַר־שיווע, פרעג זיי, צי האָבן זיי אַמאָל אַ האַנט אין קאַלט וואַסער איינגעטונ־קען.. פּאַראַכטן דאַרף מען די גאַנצע כאַפּטע טויגעניכטסן.. איין קוק דיי־נער, מיידעלע, איז מער ווערט ווי די צוויי באַלעבאַטישע, גראָביונגערישע לערערקעס, ווּעמען מען גיט איבער קינדער צו דערציִען. זיצן און דימ־קוטירן, צי דער פּויפּסט דערלויבט אָדער דערלויבט ניט טראָגן אַ מעלענאַ; קוועלן אָן פון די גאַסן־נאָוועלעס, אַזוינע גאָרנישטן! און פּאולינאַ האָט געפילט, ווי איר האַרץ צעגייט פאַר פרייד און גדלות וואָס ער, דער שיינ־רעדעוודיקער רוסאָ, וועמען אַלע גרויסאַרטיקע געסט קוקן נאָך מיט קנאה, גערן מיט אים אַ וואָרט צו רעדן — איז אירער.

אויפן צווייטן טאָג איז זי געקומען מיט רויטע, אונטערגעשלאָגענע און פאַרוויינטע אויגן. זיי, די תמיד שיינע אויגן, האָבן טרויעריק געגלאַנצט און יעדע באַוועגונג אירע איז געווען פול מיט צער.

פּאולינאַ האָט דורכגייענדיק אונטערגעוואָרפן איידעלמאַנען אַ צע־טעלע און אַנטלאָפן.

ער האָט עס אויפגעהויבן און געלייענט איר שווערן, קינדערשן שפּאַ־נישן שריפט: סאַמועלסיטאָ, דער פאָטער האָט מיך געשלאָגן, וואָרום איך פאַרברענג מיט דיר, טייערינקער. כ'וועל זיך מודה זיין, כ'האָב אַ חתן און דער „אַלטער" וויל נאָר כ'זאָל פאַר אים חתונה האָבן, אָבער איך קען אָן דיר ניט לעבן, דו ביסט מיין טרוים, מיין געדאַנק.. דיין פּאָלי.

נו, אַ קאַשע פאַרקאָכט, — האָט ער זיך פאַרטראַכט, — ווער ווייסט מיט וואָס אַזאַ געשיכטע קען זיך ענדיקן! טאָמער ווערט נאָך געוווּיר דער חתן, איז אַ סוף צו זיין לעבן... זיי, די בערג־חברה, וואַרטן ניט לאַנג. באַלד גלאַנצט ביי אים דאָס מעסער און אין איין אויגנבליק ווערט עס אַריינ־געשטאָכן אין קעגנערס זייט. דאָס קליינע באַרג־פערדל זאָרגט זיך שוין באַליציי זאָל אים ניט פּאַקן: וואָס־זשע די בערג זענען קליין?

האָט זיך איידעלמאַנס פּנים נאָך מער אויסגעצויגן ווי געוויינלעך און געל, געל געוואָרן פאַר שרעק און באַגעגענענדיק זיך מיט פּאולינאַן, די אויגן אַראָפּגעלאָזט.

אים האָט זיך געדאַכט, אַז דער יונגער גאַוטש מיט די ברייטע באָמ־באַטשעס שטייט הינטער אים, היטנדיק יעדן בליק צו זיין טייערער טשיניטאַ.

יאָ, גענוג זומערן אין די בערג! טאַקע אַ חיוב ביזן לעצטן סענט זיך אויסצובערענגען? מען מוז טאַקע גאַנצע צוויי מאָנאַטן זיין אין מינאַ קלאַווערא? וועט ער שוין אַהיימפאָרן קיין ראָזאַריאָ... נו, און פּאָלי, וואָס זאָגט מען איר?...

אָרעמער בחור, אומזיסט וועט ער שוין קומען גאַנצע צוויי לעגוועס אויפן פערדל, וואַרטנדיק ביים טויער! פּאַולינאַ וועט שוין איר געזיכט אפילו ניט אַרויסווייזן. ווער ווייסט, אַ שאלה אויף אַן אַרגענטינער? ער קען נאָך קיין ראָזאַריאָ אים נאָכלויפן און דאָרט הרגענען...

איידעלמאַן האָט זיך פאַרשעמט פאַר זיך זעלבסט: אַ מענטש מוז באַהערשן זיינע אינסטינקטן, די פאַרשייטע ווי די פּחדנישע.

האָט ער אויף להכעיס זיין מורא דאָס בעסטע פערד פון פּענסיאָנ-הויז אָנגעזאָטלט און אַוועקגאַלאָפּירט אויפן רוסישן מאַנעווער, אָנבויגנדיק דעם קאָפּ פאָרויס, זיך אָנשפּאַרנדיק מער אין די הענגערס מיט די שפּיץ פינגער, ווי אין זאָטל.

וואָס ווייטער פון שטעטל, שווערער ווערט דער וועג וואָס פירט צום באַוווּסטן „אָדלער-נעסט", ביז ער פאַרוואַנדלט זיך אין אַ שמאָל משופּעדיק סטעזשקעלע מיט קליינע טרעפּלעך, אויסגעריבענע פון פערדישע קאָפּיטעס.

זיכער, נאָר לאַנגזאַם, טריט ביי טריט, דראַפּעט זיך דאָס באַרג-פערדל אויף די שטעגלעך געדרייטע. סאַמועל האָט זיך איינגאַנצן באַרואיקט; זי, די מאַמע-ווייטקייט אַליין האָט גענומען רעדן צו אים מיט איר טיפן אָטעם-שפּראַך. דאָס פערד האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף אַ פּלאַץ פון וואַנען ווייטער האָט מען שוין געמוזט צופוס זיך דראַפּען אויף אַלע פיר ביז צום שפּיץ, ווו די יאָרנלאַנג פאַרלאָזטע נעסט איז אַ שטומער עדות פון אַלטע צייטן מיט אָדלער-איינוווינער.

ער איז געבליבן זיצן אויפן פערד ווי אַ סטאַטוע אַן אויסגעגאָסענע, הויך אויף דעם שמאָלן פּלאַץ אינמיטן משופּעדיקן באַרג.

מינאַ קלאַווערא!

ווער האָט דיין לייב מיט קנייטשן אַזוי פיל אויסגעקנעטן?

ווער האָט אין דיינע אַלטע ריזן אַזוי פיל שפּאַלטן אויסגעשניטן?

ווו איז די האַנט, וועלכע האָט אין דיין גראַניטענעם בויך גריבער און הייל אָן אַ שיעור אויסגעדליבעט?

מינאַ קלאַווערא!

מיט וואָס פאַר אַ כח פאַרשלינגסטו די געפילן און פאַרשטאַנד פון די קליינינקע ברואימלעך, וועלכע קומען צו דיר פון דיין שיינקייט געניסן?

מיט וואָסער כישוף רייסטו די פּערזאָן פון פּערזענלעכן אַוועק, אים פאַרוואַנדלענדיק אין אַ שטיק פון דיר, פון דיין אייביקייט?

מינאַ קלאַוועראַ!

דאָס האָט מען „אויך" געזונגען, זיצנדיק אויפן פערד אין מיטן משופּעדיקן באַרג. אים האָט זיך געדאַכט אַז ער איז איינער פון די אַמאָ־ליקע לעגענדאַרישע פיגורן, און אַ געטלעכע האַנט האָט אים אַן אויסדער־ווײַלטן איבער אַלעם דערהויבן און אַ סוד אַ הייליקן דערציילט, אַ סוד גליַיך אין נשמה אַריינגעשעפּטשעט.

ר'איז געשטאַנען מיט די שפּיץ פינגער אויף די רייטאײַזנס פון זאָטל אָנגעשפּאַרט, שטייף דעם בליק און אַרום זיך איינגעגעסן, איבער טאָל און וועלט דעם קאָפּ פאַרהויבן.

די קעגנאיבערדיקע סקאַלע האָט ווי אַ ברויט צערייסטלט, מיט אַ מנוחהדיקן „זיין" קלאָר געמאַכט דאָס נאַרישקייט פון צעטיילונג אויף פאַר און נאָכן לעבן. ס'איז איין גאַנצע אייביקייט, פון וועלכער מיר זענען אַ טיילעכל, אַ בליץ דערפון.

טויט?

ניטאָ קיין טויט!

ער האָט דערפילט אַז דאָס צווייאַריקע צאַפּלען זיך פון זיין נשמה און מורא פאַרן סוף ווערט צערונען, זיך באַגעגענענדיק מיטן אָפענעם מויל פון דער מאַסע מיט הויכע קריזשעס.

אויפן צווייטן טאָג האָט ער געשריבן פּאַולינאַן: „ליבלינג קליינס! די לאַגע איז זייער אַ פאַרפּלאָנטערטע און דער אויסגאַנג וועט זיין אָט־וואָס: אין אַ פּאָר טעג אַרום פאָר איך אָפּ קיין ראָזאַריאָ; אַ מענטש טאָר ניט קו־מען אויסכאַפּן יענעמס כלה און אַנטלויפן. אפשר ליבט דיך שטאַרק דער יונג און וועט פון בענקעניש אויסגיין. רופנדיק דיין נאָמען? ס'איז אַ גרויסע זינד, פּאָלאַ! שייניניקע מיידל, דו וועסט פון מיין אַוועקפאָרן אָנ־הויבן ווייכן דעם חתן, אים דערקלערנדיק אַז דו ליבסט אים ניט, זאָל ער און דיין פּאָטער ביסלעכווייז זיך צוגעוווינען און זיך איבערצייגן. בשום אופן וועסטו זיינע ניט ווערן. ווען אַלעם וועט זיך באַרואיקן, שרייב מיר, וועל איך קומען און דאַמאָלס וועט זיין ווען די קליינינקע באַרג־שיינקייט

וועט זיין מיינע, מיינע אויף תמיד. קום מאָרגן נאָכמיטאָג צו דאָניא אַנאַס־טאַסיאַ זיך געזעגענען.                    סאַמועל״.

— ליבע קליינינקע, וואָס טרויערסטו אַזוי נאָך מיין אַוועקפאָרן?
— אָ, רוסיטאָ, דיינע אויגן זענען דאָך שאַרפער פון אַ בליץ אין אַ טאָרמענטאַ, ביסט דאָך מיין לעבן!
— ווו נעמסטו אַזוינע רייד באַטעמ׳טע?
— וואָס לאָזטו מיך אַליין, מיין טייערער?
פּאַולינאַ האָט געוויינט.
ביי דאָניא אַנאַסטאַסיאַ די קוראַנדעראַ אין שטוב, וואָס ווייסט פון אַלע יוגנט־סודות, האָט זי געוויינט.
איידעלמאַן איז געשטאַנען אַ צעמישטער, אַ גערירטער, ניט ווייסנדיק ווי אַרום זיך צו העלפן.
די זון, אַ צעקאַליעטשעטע, אָנפאָרמדיקע, ווי אַ שטיק מאַסע, צעגליטע פון קוזניע, האָט אונטער די כמאַרעס זיך געגליטשט, אַראָפּ, אַראָפּ, שאַפנ־דיק אַרום זיך אַ ים פון ליכטיק־רויטן גלאַנץ.
ווער ווייסט וואָסער איילעניש איר איז צוגעפאַלן? אַ גאַנצן טאָג אַ שטרענגע, אַ הייסע, ניט באַמערקט, זיך קוים גערירט און מיט אַמאָל אַזוי איילן זיך!
פּאַולינאַ האָט געוויינט!
און דאָך וועט ער מוזן אָפּפאָרן מאָרגן!
ער וועט דאָך ניט וואַרטן ביז דער בחור וועט אים די קישקעס אַרויס־לאָזן...
איידעלמאַן איז אַ גאַנצע נאַכט ניט געשלאָפן. אים האָט געפּייניקט זיין געוויסן, זיין קליינלעכע פעל־ציטערניש: ממה נפשך, קען מען מיט באַרימעריי פאַרנאַרן אַ נאַיווו באַרג־מיידל מיט שוואַרצע אויגן, דאַרף מען קענען פאַרזאָרגן זי זאָל ניט ליידן. און ער אַנטלויפט פאַר אַ שאָטן...
נו, און אַז איר חתן וועט אים הרגענען?... אָט אַזוי פּשוט אים אַריינשטעכן אַ מעסער אין אַ זייט?
דאַמאָלס וואָלט געווען אויס!
אויס איידעלמאַן!
ער, דער וואָס ליגט איצט אין אַ שיינעם גאַסט־הויז צווישן די בערג און טראַכט וועגן ליבע, וועגן אַלעס, וואָלט געוואָרן אויס!

ווי אַרום קען מען באַגרייפן אָט דעם „אוים״?
אוממעגלעך!

ס'איז ניט קיין מורא פאַרן טויט, פילט ער, נאָר אַן אומגעהויערע ליידנשאַפט אַריינצופּאַקן אין די גרענעצן פון זיין דענקען דעם „אוים״.

א, אפשר, ווען ס'זאָל מעגלעך זיין פאַר מענטשן צו פאַרשטיין אָט דעם גרויסן סוד, וואָלטן זיי געפּטרט די גרעסטע טראַגעדיע זייערע. ווי צום טאַנץ וואָלטן זיי דאַמאָלס זיך אויפן טויט געגרייט. טאַקע אַ טייל פון דער נאַטור, טאַקע אַ חלק פון דעם גאַנצן, אָבער דאָס מאַכט לחלוטין ניט פאַרשטענדלעך דעם עיקר. וואָס איז דאָס גאַנצע, פון וועלכן מיר זע-נען אַ טייל? אָרעמע פּאַולינאַ, שווער וועט איר די ערשטע צייט זיין איצט ביים חזירישן פאָטער, וועלכער שלאָגט זי פאַר יעדער קלייניקייט! פריער, מעג זיין, האָט זי כאָטש פאַר וועמען זיך געהאַט צו באַקלאָגן, נע-ווען אַ חתן, אַ שטאַרקער בחור, פאַר וועלכן דער אַלטער פלעגט ציטערן און איינגעהאַלטן זיך פון קאַטעווען זי. איצט האָט זי קיינעם ניט, נאָר איר איינגעקשנטע ליבע צו אים, דער טויגעניכטס, וואָס אַנטלויפט שענדלעך, אַן איבערגעשראָקענער...

נאָר ער, איידעלמאַן, איז ניט שולדיק!

פון וואַנען זאָל ער געוועזן וויסן, אַז זי האָט אַ חתן?

אויפן צווייטן טאָג איז ער שוין געזעסן אין וואַגאָן ביים פּאַציפישן צוג און אינערלעך רויִק געגעגנט: נו, נאָך גוט אָפּגעשניטן: אַ מערכה, וואָס ער האָט זיך דערוווּסט באַצייטנס...

קאָראָנעל דאָרעגאָ, זומער 1925.

# „כ׳קען ניט!״

כ׳שטעל מיר פֿאָר, ווען מיין טאַטע ר׳ יאַנקל מלמד אָדער ווי מיין רופֿט אים אין טערנאָווקע, יאָקל קנייפֿער, זאָל מיך זען איצט אין מיין שיינעם ליכטיקן זומעראַנצוג, אין דעם ווייסן שטרויענעם קאַפּעליוש, אויס־געבויגן אויף אַ זייט, אינעם דאַרן שניי־קלאָרן קאָלנער, מיט די געלע שי־כעלעך אַ לאַ יענקי, וואָלט ער אַראָפּגענומען מיט דרך־ארץ דעם קאַשקעט פֿאַר מיר ווי פֿאַר אַ פּריץ און מיך געפֿרעגט:

— פּאַני, אַ דע מי סין קעלמאַן ? *).

הע! כ׳בין דאָך עפּעס אַן אָנגעשטעלטער פֿון דער גרעסטער מעבל־פֿאַבריק אין קאָרדאָבאַ, מוז מען גיין אָנגעטון ווי אַ מענטש, די קליענטן זאָלן דרך־ארץ האָבן און זיך לאָזן מעלקן. אַזוי זאָגט דער בערענטע און אַלע זאָגן אַז ר׳האָט רעכט.

אַן עמפּלעאַדאָ איז דאָך ניט קיין פּעאָן, פֿאָרט אַן איידעלע פּרנסה.

ניט מען אוים די לעצטע סענטן אויף שיינע זיידענע זעקעלעך, מאַכט מען זיך אַלע צוויי מאָנאַט אַ טראַכע**) אויף אויסצוצאָלן און אָפּט פֿעלט אויף טראַמוויי־געלט.

פֿאָרט אַן עמפּלעאַדאָ, אַ בכבודיקע פּרנסה!

אמת, אָפּטמאָל, ווען איך דריי מיך אַרום אַן אָוונט עלנט אַליין איבער די קאָרדאָבער גאַסן, אָדער פֿון איין קאַפֿע אין דער צווייטער, עלנט, פֿאַר־

*) פּריץ, נו, און ווו איז מיין זון קלמן ?
**) אָנצוג.

שטויסן, גלייך איך, קלעמענטע, וואָלט גאָר אינגאַנצן אַן איבעריקער געווען אויף גאָטס וועלט, דאַמאָלס וואָלט איך מיט פאַרגעניגן צוריק אַריינגעקראָכן אין מיינע טערנאָוועקער גרויסע שטיוול מיט די פאַרלאַטעטע הויזן, צוריק זיך איינגעטוליעט אינעם ראָק מיט לעכער און געגליטשט זיך מיט מאַניען אויפן שליטעלע באַרג-אַראָפּ הינטער אסנע פאַסציוועס שטוב, אין אַ שניי-בלענדנדער נאַכט. אָבער איך היים איצט סעניאָר קלעמענטע ביינקמאַן, בין אַן עמפּלעאַדאָ פון דער גרעסטער קאָרדאָבער מעבל-פאַבריק, וואָס פאַר־קויפט אָרעמע מאַריאַס אויף אויסצאָלן. דערפאַר, ווען איך פאָר אין טראַמ־ווײַ, פאַרוואַרף איך אַ פוס אויף אַ פוס, פאַרהויב די הויזן, מחמת צוויי טעמים: דער הויזן-קנייטש זאָל זיך ניט צעקאָרטשען און אין איין וועגס ווייזן וואָסערע שיינע זאָקן כ׳טראָג:

כ׳בין דאָך עפּעס אַן עמפּלעאַדאָ, פאָרט אַ בכבודיקע פּרנסה!

אין ביליקן פּענסיאָן ווו איך געפין זיך, פאַר 55 פּעזעס אַ מאָנאַט, וווּנדערן זיך מיינע אַרגענטינער קאָלעגן: פוטשאַ, ווי ר׳ווייסט אַזוי אַלעס דער רוסאָ!

דאָך קענען זיי מיך ניט אָנקוקן:

קען איך דען ווי זיי זיך באַלעקן פון אַ מגושמדיקן פּעטן וויץ, גע-זאָגט כאַסינטאַן, דער טשיניטאַ וואָס באַדינט אונדז? אָדער קען איך זיך שטעלן מיט זיי אויף דער שוועל, אַריינגערוקט די גראָבע פינגער אין אַרבל־שניט פון וועסט, נאָכזאָגנדיק די פאַרבייגייענדיקע מיידלעך שבחים איבער זייערע פיס און העכער?...

ניט מחמת פרומקייט, נאָר פּשוט, איך קען ניט, כ׳ווער רויט נאָך איידער כ׳זאָג אַרויס אַ וואָרט און פאַרליר דאָס לשון, אַזוי, אַז ס׳קומט אַרויס אַ לעקעשעוואַטע בלעבלען, כ׳קען ניט, דערפאַר וואָס איך בין יאָקל מלמדס אַ זון פון טערנאָוועקע און פלעג זיך פּלפּולען מיט חנה יאָסל מאָ-נישעס איבער טאָלסטאָיען און מעטערלינקן. אָט פאַרוואָס איך קען ניט!

כ׳האָב אַמאָל געפּרוּווט.

כע, כע, כע... עד היום ווייסט קיינער ניט מיין שוואַרצן סוף וואָס איך האָב באַקומען.

עס איז געװען אַ פּרעכטיקע אױסגעשטערנטע נאַכט. קאָרדאָבאַ האָט אַן אָפּמאַך אַזאַ מיטן שר פון װעטער: אַ גאַנצן טאָג מעג זײַן װאָס ס׳װיל זיך, מעג די זון ברענען און סמאַליען, מעג די לופט זיך צוזאַמענדריקן אין אַ געדיכטעניש, אַז מען זאָל דעם אָטעם נישט קאָנען כאַפּן. קומט צו נאַכט איז אױס. אַ קיל גלעטנדיק װינטעלע בלאָזט דאַמאָלס און דערפרישט די פאַרשמאַכטע ברואים פון בײַטאָגעדיקן ברען. אײנער אַלײן האָב איך מיך געדרײט איבער די געפלאַסטערטע אַלעען פון פּאַרק, װעלכער הױבט זיך װי אַ קרױן איבער דער שטאָט װאָס ליגט בײַ זײַנע פֿיס. אַ לײלעך פון פיל קאָלירטע פײערלעך פאַרשפּרײט און פאַרשטעלט זי, שימערנדיק און בלענדנדיק די אױגן. טראַמװײען זענען אַלע מאָל געפּאַקטע מיט אַ זשום געקומען צולױפן. זיך אױסגעלײדיקט װי אַן איבערגעקערטער זאַק מיט תבואה און הענדום פּענדום װידער זיך אַראָפּגעגליטשט, בכדי זיך אָנצו־פילן.

אפּנים אַז די אַלטע פרומע שטאָט איז מיד געװאָרן פון בײַטאָגעדיקן גלי און שיקט דאָס קלײנװאַרג דער צװײגן־ניאַנקע.

דאָס דרום־װינטעלע האָט געגלעט און געשטאַרקט, צוזאַמענגעמענדיק די צעקראָכענע אברים. איך בין אַרומגעגאַנגען מיט מײַן שטרויענעם קאַ־פּעליוש אין האַנט און געפילט װי די געדיכטע בוימער װאָס הענגען אי־בער די ברעגעס פון שמאָלן אָפּגרונט, װאָס שנײַדט דורך דעם פּאַרק, פאַר־שפּילן מיך, פאַרװיגן און פאַרדרימלען די טיטום־פּליג װאָס פּיקעט און פּי־קעט מײַן מוח:

— נישט געזאָרגט, קלעמענטע, טײערער זיסער קלעמענטעניו, די װעלט איז גרױס און ס׳איז קעגן דיר נישט מער װי קעגנשטאַנדן, דײַנע, קלמן־קלעמענטעס קעגנשטאַנדן. מען דאַרף נאָר קענען זײַן אַ מענטש, אָט װאָס... אַזױ האָב איך באַשלאָסן מיט אַ געהױבענער שטימונג אױסנוצן דאָס לעבן װי װײַט מעגלעך.

צװײ פיגורן מיט ליכטיק ראָזעװע קלײדעלעך זענען אָנגעקומען פון װײַטנס. האָב איך מיר אױסגעשטעלט װי אַזױ כ׳װעל זײ פאַרטשעפּען.

כ׳האָב מיך פאָרגעשטעלט װי איך, קלעמענטע, באַקען זיך מיט זײ, פאַרליב מיך אין אײנער און יעדער איז מיר מקנא מיט מײַן גליק.

זי, די שײנהײט, װעט גרינטלעך פאַרשטײן װער קלעמענטע איז און

נאָך דער אַרבעט וועט זי אויף מיר וואַרטן מיט אַ צערטלעכן שמייכל אין אַ ציכטיקן ריינעם פאַרטוך...

פון גרויס באַגייסטערונג האָב איך שיער נישט אומגעוואָרפן די צוויי מיידלעך, וועלכע האָבן מיך גערעכנט פאַר אַ משוגענעם.

פאַרשעמט בין איך אַנטלאָפן, נישט אומקוקנדיק זיך, הערנדיק הינ-טער מיר די אויסרופן: לאָקאַ, אָטאַריאָ*), באַגלייט מיט אַ קלינגענדיקן אָרקעסטער.

נישקשה, האָב איך מיך געטראַכט, מען דאַרף נישט אַראָפּפאַלן ביי זיך, קלעמענטע, אדרבא, אַ שלעכטער אָנהויב איז אַ גוטער סוף. כ׳בין ווייטער געגאַנגען, גרייט צו פאַרטשעפּען די ערשטע פּערזאָן פונעם צווייט' מין וואָס כ׳וועל באַגעגענען. אוודאי, אַלץ מוז זיין מיט אַ טאַקט. מען מוז מאַכן אַ פריילעך זאָרגלאָז פּנים, אָט אַזוי, נישט קיין זויערע לעמעשקע, לויפנדיק ווי אַ משוגענער. מען דאַרף זאָגן איין קאָמפּלימענט, נאָכגיין און — אַ צווייטן, נאָכגיין און — שיטן מיט וויצן. אָט, למשל, דאָס יונגע בוימל איז אַ שיין מיידל; נו, הויב איך אָן.

— קע לינדאַ סעניאָריטאַ!

אַזוי האָב איך רעפּעטיציע געמאַכט פאַר זיך אַליין, ווי אַזוי איך זאָל פאַרפירן קאָנטשאַפּט מיט פרויען.

כ׳האָב פאַרקערעוועט אין רויזן־גאָרטן, זוכנדיק אַ צווייטע געלעגנ-הייט און האָב מיך געפילט גליקלעך וואָס די אַלע מענטשן דאָרט האָבן נישט געוווּסט וואָס מיט מיר האָט פּאַסירט.

—העי, האָב איך מיר געטראַכט, אַזאַ יאָלד ווי איך, מוז טאַקע פאַר-בלייבן אין טערנאָווקע, ווו יאָסל קראַצער דער שדכן זאָל מיך צונויפפירן מיט חיה־ביילען... גוואַלד, שלימזל, האָב איך צו מיר געטענהט, הונדער-טער פּאָרלעך קומען זיך צונויף דורך אָט דעם ראָסעדאַל, וועלכער איז די ליבעס-פאַבריק פון קאָרדאָבאַ, און איך דריי מיך ווי אַ תם, וואַרטנדיק אַ מיידל זאָל מיך מיט געוואַלד צושלעפּן.

---

*) משוגענער, טפש.

נאָך אזא מוסר האָב איך אויסגעקליבן איינע אין שווארצן, א גאנץ סימפּאטישע, מיט גרויסע אויגן.

זי האָט עמיצן געזוכט מיט איר בליק, אַלע ווײַלע, ווייזט אויס א בחור, וואָס זאָל איר זאָגן א גוט וואָרט.

— קע לינדא טשיקא! — האָב איך אָנגעהויבן.

דאָס מיידל האָט א קוק געגעבן אויף מיר און האָט גאָרנישט געענטפערט.

אז זי שווייגט איז א גוטער סימן...

יאָ, אָבער וואָס זאָגט מען ווייטער? מילא, ווען איך געפין מיך צווישן יידישע מיידלעך, רעד איך כאָטש פון ליטעראטור אויף מיין צעבראָכענעם שפּאניש, מאָלט אייך וואָס פאר א טעם מיין ליטעראטור האָט פאר זיי, די אויסגעצייכנטע שימי טענצערינס! דערפאר טאקע אנטלויפן זיי פון מיר ווי פון א מגיפה...

אָבער, גוואַלד, וואָס זאָגט מען א פרעמד שפּאניש מיידל אין שווארצן, אין פּארק וואָס איז ווי א קרוין דער שטאָט קאָרדאָבא?..

בין איך געגאַנגען הין און צוריק, הין און צוריק, צוגעבנדיק אַלע מאָל: קע לינדא טשיקא!

זי איז געשטאַנען אומגעדולדיק, געזוכט עמיצן מיט די אויגן און גאָרנישט געזאָגט, מער נישט זיך אויסגעדרייט מיט דער פּלייצע צו מיר, יעדעס מאָל וואָס איך בין פאַרביי איר פאַרבייגעגאַנגען.

מיט אמאָל איז נעבן איר אויסגעוואקסן א געזונטער ברייטפּלייציקער עלעגאַנט און זיי האָבן זיך מיט פרייד-אויסדרוק באַגריסט.

איך בין געשטאַנען אנטקעגן זיי און געטראַכט:

אז אויסרייסעניש זאָל אויף דיר קומען, קלעמענטע כניאָק, ווי אזוי זעט מען נישט אז דאָס מיידל וואַרט אויף איר געליבטן?

כ׳בין געשטאַנען און געטראַכט, אז אָט דער גן-עדן, דאָס וואַרטן פון

אַ ליב באַשעפעניש, דאָס צערטלעכע צוזאַמענטרעפן מיט א פרוי, איז ניט פאַר מיר, קלעמענטע, וואָס טויג קיין קאַץ אַן עק נישט צוצובינדן...

פלוצים איז צו מיר צו דער געזונטער אויסגעפוצטער בחור:

— אידיאָט וואָס איר זענט. איר טראָגט זיך אָפּ פון דאַנען? אַ ניט... און איידער וואָס, איז מיין קאַפּעליוש פאַרפליגן אויף עטלעכע מעטער און מיר איז פינצטער געוואָרן אין די אויגן פון צוויי שטאַרקע טשמעל אין פנים.

בגנבה האָב איך מיך אָפּגערוקט אין אַ פינצטער ווינקעלע הינטער אַ בוים און שטיל געוויינט, שטיל געוויינט: וואָס זשע האָט מען צו מיר, וואָס־זשע האָט מען צו מיר!!!

אָבער איך היים סעניאָר קלעמענטע ביינקמאַן און בין אַן עמפּלעאַדאָ. דאַרום ווען כ'פאָר אין אַ טראַמוויי, פאַרוואַרף איך אַ פוס אויף אַ פוס, פאַרהויב די הויזן, מחמת צוויי טעמים: מיין הויזן-קנייטש זאָל זיך ניט קאָרטשען און אין איינוועגס זאָל מען זען וואָסערע שיינע זיידענע זאָקן כ'טראָג...

# אַריסטאָקראַטישע קינדער

אויב איר וועט אַריינקומען צו דאָן בערנאַרדאָ פּיגין, און צוויי מיידלעך, בלוט און מילך, איינע שענער פון דער צווייטער, וועלן זיך פאַר אייך פאַרשטעלן, איינע טשאָלאַ און די צווייטע קאָקאָ פּעגיני, זאָלט איר ניט מיינען, אַז זיי זענען פרעמדע קינדער, אָדער גאָר אַז די דאָניאַ בערנאַרדעכע האָט, חלילה, געהאַט צו טון מיט אַן איטאַליענער. ס'איז דאָן בערנאַרדאָס כשרע טעכטער. נאָר אַזוי ווי מען וווינט אין פלאָרעס, איז מען דאָך אַריסטאָקראַטקעס, איז אודאי גלייכער איידער פּיגין, הייסן פּעגיני.

פאַרשטייט איר שוין אַליין, אַז טשאָלאַ און קאָקאָ הייסן מירל און קיילע.

דאָן בערנאַרדאָ אַליין האָט נעבעך געהאַט עגמת-נפש פון דעם פאַר-נויאישטן נאָמען, נאָר ראשית האָט ער מיטגעפילט די קינדער נעבעך, פאַרוואָס זאָל מען מיינען אַז זיי זיינען רוסאָס, והשנית, פירט זיך שוין אַזוי, אַז ווען קינדער וואַקסן אונטער, האָט דער פאָטער קיין צייט נישט, מחמת זי, די מוטער, דאַרף זאָרגן און זיך דאַרן דעם קאָפּ וועגן חתנים, וועגן שיינע שידוכים, נישט ער. און דאָניאַ כואַנאַ מיט די קינדער ווייסן שוין ווי אַזוי זיך צו פירן ווי די בעסערע מענטשן.

זיין אויפגאַבע איז צו קריגן געגנוג פּעזעס אויף אויסצוהאַלטן די פאַ-מיליע. און מען מוז מודה זיין, אַז דאָס איז גאָר ניט פון די גרינגע זאַכן. קודם, דאַרף מען וויסן, אַז אַן אַריסטאָקראַטישע פריילן וועט ניט גיין צוויי דריי מאָל אין איין קלייד אויף באַילעס, און ווו איז ענטראַדעס, קליינגעלט און נאָך טויזנטער זאַכן, חוץ באַלעבאַטישקייט? ווערט טאַקע דאָן בער-נאַרדאָ פאַרשוואַרצט און אויסגעריסן מיט זיינע פּרנסות.

אַ גאַנצן טאָג איז דאַן בערנאַרדאָ אַ קוועטנעניק. לויפט אַרום אין גאַס צוואַנציק קוואַדרעס ביז ער קאָווירט אַ פּעזע, טראָגט אַ גרויסן פּאַק מיט סחורה און קלאַפּט אין טירן צו מאַכן קונים, און אַז ס'פעלט אים אויס סחורה, קלאַפּט ער אונטער ביי יענעם. פאַרנאַכט אָבער פּוצט ער זיך אויס אין זיין שיינעם אנצוג, נעמט די לעדערנע טעקע אונטערן אָרעם און ווערט אַן אַגענט פון קאַפּיטאַליזאַציאָנס געזעלשאַפט, ער פאַרקויפט טיטולאָס צו זיינע באַקאַנטע.

אָפטמאָל פלעגט ער זיך פון מידקייט רעבעלירן און שטילערהייט זיך פרוון קלאָגן אויף זיין מזל: „ווי איז געהערט געוואָרן מען זאָל אַזוי מור־טשען אַ מענטשן? ניט קיין זונטיק, ניט קיין יום־טוב, תמיד, טאָג איין, טאָג אויס, ביז האַלבער נאַכט האָרעווען און מאַכן קליידלעך און צאָלן פאַר באַילעס . . .

דאַמאָלס אָבער פלעגט ער באַקומען פון איר אַזאַ אָפּשניט, אַז ער האָט שוין פאַרזאָגט אַ צענטן:

„איך מיט די קינדער קומען אין דער גרעסטער געזעלשאַפט, דו ווייסט ווער ס'איז דאָניאַ כוסטינאַ דע קריצמאַן, מאַקס קריצמאַנס פרוי? אַנומלט האָט זי אַליין מיך מיט די קינדער איינגעלאַדן צו זיך אויף אַ רעאוניאָן פון שטרודל־קלוב. און אַז די קינדער וועלן נעמען דאָקטוירים, וואָס וועסטו זאָגן? ווייסעך, מיט דיר איז נישטאָ וואָס צו רעדן".

און ווען ער פלעגט אַמאָל אַהיימקומען און טרעפן דעם פּראָקוראַדאָר וויטניק און ווי די טעכטערלעך פלעגן דאַן פריציש שמייכלען און אַזוי איידל זיך באַנעמען, אים רופן פּאַפּי און זי מאַמי, פלעגט בערנאַרדאָ זיך נאָר פאַרגיין פון נחת און ס'האָט אים שוין גאָר פאַרדראָסן זיינע פּראָ־טעסטן און ער פלעגט ווייטער שוויצן ביי זיינע ביידע פּראָפעסיעס.

מאַכט זיך אַמאָל אַ דינסטיק, פון די אמתע דינסטיקן, איינער פון יענע טעג, וואָס זאָל זיך ווי אַ ניט־גוטער אַריינפּלאָנטערן צווישן זיין קרבנס פיס און מאַכן חוזק פון אים אויף יעדער טריט.

גאַנץ פרי, ער איז נאָר אַרויס פון שטוב מיט זיין פאַרוויקלט פּעקל (די שכנים זאָלן, גאָט באַהיט, ניט באַמערקן זיין פּאַק), איז אַדורכגעלאָפן אַן אויטאָ און אים באַשפּריצט פון קאָפּ ביז די פיס. און אַ גאַנצן טאָג: דאָ האָט מען אים אַ „צוואַק" מיטן בעזים אַרויסגעטריבן פון הויז, דאָ האָבן שקצים אים נאָכגעוואָרפן שטיינער, ביי די קליענטן האָט ער נישט איינגעמאָנט אַ סענט...

קוים דערלעבט ס'איז געוואָרן טונקל, האָט ער גענומען די טעקע ווי תמיד און געלאָזט זיך פאָרן צו באַקאַנטע. ערשט האָט ער בשום אופן ניט געקאָנט צוטראַכטן עפּעס א באַקאַנטן צו וועמען פאָרן פאַרקויפן א טיטול.

ביי סעניאָר בייטעלמאַן איז ער ערשט אייערנעכטן געווען. פויגעל־מאַן האָט אים אַנומלט כמעט ווי אַרויסגעטריבן. און אַזוי אַלע באַקאַנטע. ער האָט זיך געדרייט אויפן ראָג גאַס איבערמישנדיק אין מוח זיין גאַנץ קענטשאַפט, ביז ער האָט באַשלאָסן פאָרן צו ראַכמילעוויטשן. ער איז געבליבן זייער צופרידן מיטן אויסוואַל און כמעט געווען זיכער, אַז ער פאַרקויפט א טיטול.

אַריין אין קאָלעקטיוואָ, וועלכער קורסירט אין יענער ריכטונג, און אָפּגעפאָרן א שטיק וועג. ער נעמט זוכן אין די קעשענעס ניקל צו באַצאָלן, ערשט ביים איבערטאָן געלאָזט אין דער היים דאָס געלט. א קעלט איז אים אַדורך איבערן לייב פאַרן סקאַנדאַל, וועלכער אים שטייט פאָר מיטן שאָפער. א גליק וואָס ער האָט געפונען אין א זייטיקער קעשענע א צענער סענט. אויף ווייטער איז שוין ניט געווען וואָס צו זאָרגן: וועט ראַכמילע־וויטש קויפן א טיטול וועט ער דאָך געבן האַנט־געלט, טאָמער ניט, וועט ער אים דערציילן דעם אמת און בעטן לייען א פּאָר סענט. אָנגעקלונגען צו ראַכמילעוויטשן האָט דאָן בערנאַרדאָ באַלד אינעם „האָלאָ!" דערקענט, אַז ר'איז געקומען ניט אין דער ריכטיקער צייט.

ביידע, אי סעניאָר ראַכמילעוויטש, אי די סעניאָראַ, זענען געווען אויפגערעגט און מיט בייזע געזיכטער. ראַכמילעוויטשעכע האָט געהאַט רויטע אויגן פון וויינען און א בלויע נאָז פון שנייצן. און סעניאָר פייגין איז געזעסן ווי אויף צעגליטע קוילן און נאָכגעטראַכט ווי אַרומער מען מאַכט פּליטה פון דאָרט.

ער האָט שוין פאַרגעסן די טיטולאָס, פאַרגעסן אַז ער האָט ניט קיין ניקל אַהיימצופאָרן און קוים אויסגעזוכט אַן אויסרייד צו אַנטרינען.

דאָן בערנאַרדאָ איז געבליבן אין גאַס שטיין אין פאַרצווייפלונג. ער איז געווען מיד פונעם טאָג און דאָ האָט ער געמוזט שפּאַנען אַרום פער־ציק קוואַדרעס צופוס.

ער איז געגאַנגען און מיט יעדער קוואַדרע האָט אין אים מער און מער געזאָטן דער פאַרדרוס און ווייטיק. אפילו אַן אייזל רוט דאָך אום זונטיק און ער מוז האָרעווען טאָג איין, טאָג אויס. אַכט שעה אַרבעט

איעדער אַרבעטער און אים קומט אױס צו שמײען אָפּט פּערצן און פופצן שעה און אַלץ צוליב זײ, די יאַכנע מיט די טעכטערלעך. „פּעגיני" — האָט ער זיך זײ נאָכגעקרימט, — פּעגיני... פײגין פּאַסט זײ ניט, אַ בראָך זײ אין די יאָרן!

װען ער האָט אַרום האַלב אײנס באַנאַכט זיך דערשלעפּט מיט די לעצטע כּוחות צו זײן שטוב, איז דרינען נאָך געװען ששון ושמחה. דער טיש איז געװען רײך געדעקט און זײן פאַמיליע מיט די געסט, דער פּראָ־קוראַדאָר װיטקין און נאָך עפּעס אַ פּראַנטל מיט װאָנצעלעך, האָבן גע־מיטלעך געטרונקען טײ מיט אײנגעמאַכץ און פאַרביסן מיט שטרודל, װי יעדער מיטגליד פון שטרודל-קלוב איז מחויב אױפצונעמען זײנע געסט.

ער איז געבליבן שטײן אױף דער שװעל, פול מיט צאָרן, און באַ־טראַכט מיט ביטול די לײדיקגײערס. װיטקין האָט װי אַ הײמישער אַ זאָג געטאָן:

— קאָמאָ לע װאַ, סעניאָר פּעגיני?

—פּע - גי - נ י ! - ! — האָט דאָן בערנאַרדאָ מיט כּעס אים נאָכ־געקרימט, איך הײס ניט פּעגיני, איך הײס פײגין! — האָט ער כּמעט װױ געשריגן. — פײגין הײס איך און בין אַ פּראָסטער ייד; אָט זײ הײסן פּע-גיני, — האָט ער אָנגעװיזן אױף זײן װײב מיט די טעכטער. — אָט צוליב זײ, די פּעגינים, בין איך געגאַנגען פּופּציק קװאַדרעס צופוס איצט; איך האָרעװע װי אַ פערד און הײס פײגין, פײגין, פײגין!...

# צווײ שטראָמען

אַ גוטע פּרנסה איז זײַן אַ קלאַפּער פון רעמלעך מיט סאַנטאָס: כ'גײ מיר אַ גאַנצן טאָג מיטן מוסטער פאַרוואָרפן אויף די פּלײצעס, ווי אַ ביקס, און מיט הײליקע אין די הענט. צו צווײ הײליקע אין יעדער האַנט. ווען ניט ווען, שטופּ איך אַרײַן מײַן קאָפּ אויף הפקר אין אַ שפּאַלט פון אַ טיר, אַרײַנשרײַענדיק: „סאַנטאָס, רעמלעך, רעמלעך מאַכן מיר וואָלוול!"...

ווען יונגע מײדלעך גיבן מיר אײַנרעמען בילדער, פאַרגעס איך דאַ־מאָלס אין מײַן באַלעבאָס, די קוויטשעלקע, וואָס האָט אפשר טויזנט מאָל מיר אָנגעזאָגט: „למען השם, קלעמענטע, גוטע פּרײַזן..." — ס'עט שוין זײַן רעכט סעניאָריטאַ, איר'ט האָבן אַ שײן רעמל פאַר 2.50"... — ווע־מען אַרט עס, אַז דער הויכער דאַרער ר' יענקל וועט זיך קנײַפּן די באַקן ווי אַ יידענע: גוואַלד קלעמענטע, גזלן, מאַכסט מיך אומגליקלעך!

קען מיך האַרן אַזאַ נאַרישקײט, ווען מײַן האַרץ נאָגט און בענקט: וואָס טוט מען מיט בלומען?

דאָרט אין יענעם לאַנד, ווו מײַן טערנאָווקע ליגט און ווו מײַן טאַטע איז אַ מלמד געווען, פלעגט ערד און זון אויף אַ האַלב יאָר טויט ווערן. אינ־גאַנצן טויט. פרילינג פלעגט דערום די נײַע זון פון פרוי־ערד אַפּריער אירע תכריכים אַראָפּנעמען, אַביסל די גלידער אירע צעוואַרעמען. שטיל, לאַנג־זאַם פלעגט זײער התדבקות פאָרקומען, זיך שעמענדיק מענטשן אין די אויגן קוקן...

דאָ, אַרגענטינע, ווײסט ניט קײן חכמות! געוואַרט האָט די ערד אַ שטיקל צײַט אויף איר געליבטן און ער איז געקומען. נו, צעשפּיליעט זי אירע ברוסטן מיט אַמאָל, באַווײַזט איר וואַרעם שמעקענדיק לײַב: „נאַ, שיִק אַרײַן זון, אַ קוש, גלײַך אין שפּיצל אַרײַן..."

אַט דערום מוז איך, קלעמענטע, אַלע פרילינג אין אַרגענטינע אַ מיידל בלומען שיקן.

וועל איך דאָך ניט אָנכאַפּן אַ קאָרדאָבער קראַסאַוויצע אין גאַס און איר אַ בוקעט שענקען!

שטופּ איך ווען ניט ווען אַליין מיין קאָפּ אין אַ טיר אויף הפקר, שרייענדיק: „סאַנטאָס, רעמלעך מאַכן מיר ביליק!"... און מיין האַרץ נאָגט, בענקט: ניטאָ וועמען הייאָר פרילינג-רויזן שיקן...

אַ גאַנצן ווינטער האָב איך אומגעדולדיק געוואַרט, אַז פרילינג וועל איך מיין קאַטיען, מיין קליינינקער קעניגין קאַטי רויזן פאַרקויפן: אַ קוש —אַ רויז, אַ קוש — אַ רויז און צום סוף... אָבער איך בין ניט שולדיק, אויך ניט איר גראָביונגערישער ברודער, וועלכער פלעגט אָנרעדן אויף מיר פאַר קאַטין אַלדאָס בייז...

ס'האָבן צייטן מיט צייטן זיך געאַמפּערט און איינע פון זיי האָט אַ קריפּל מפּיל געווען. — דאָס בין איך קלעמענטע־שלימזל. אָט פאַרוואָס איך האָב מער ניט מיין קליינינקע קעניגין קאַטי.

נאָך אַלעמען איז'ס טאַקע אַ גאַנץ אינטערעסאַנטע געשיכטע: איינמאָל האָט אַ קליין מיידל ביי מיר אַ רעמל געקויפט. אַ קליין יידיש מיידל, אָנגעשטאָפּט מיט יאָרן.

העי, קלעמענטע, האָב איך מיך געמוסרט אַהיימקומענדיק: — ביזט דאָך טאַקע אַ פּרא־אדם!... און אַז אַ פאַרטראַכטע פּאָר גוטע אויגן קוקן אַמאָל אויף דיר וואָרעם שוועסטעריש, גלעטן דיך, אַ ווילד פרעמדן רעמלמאַכער, דאַרף מען שוין אַריינפאַלן אין קעלבערנע התפּעלות... וואָס וועט זיין דיין סוף, שלימזל? ווען וועסטו שוין ווערן אַ לייט...

אָבער צום אָפּטראָגן די אַרבעט האָב איך טאַקע אָנגעטון מיין איינציק אויבערהעמד מיטן אָפּגעריסענעם שניפּס. כ'בין געגאַנגען גיך, כמעט געלאָפן, אונטערזינגענדיק די פּאָפּולערע טאַנגאָ „האָראַס אַמאַרגאַס"...

כ'האָב זייער ליב לידער, און קען אַ סך, נאָר כ'זינג זיי נאָר מיר אַליין. אַז כ'פאַרגעס מיך אַמאָל און זינג פאַר פרעמדע, לאַכט מען פון מיר. כ'האָב, זאָגט מען, אַ קול פון אַן אייזל און אַלע לידער קומען ביי מיר אַרויס אויף אַ גמרא־ניגון...

אָט אַזוי בין איך כמעט געלאָפן מיט פרייד אָפּטראָגן דאָס אָנגערעמטע בילד.

פאַרוואָס זאָל איך מיך ניט פרייען? די קאָרדאָבער זון, ווען זי צע־

שפּילט זיך אין אַ ווינטער-טאָג, ווערן די אַדערן אָנגעגאָסן מיט פרישן בלוט. ס'פּילט זיך אַ קוואַל פון לויטערקייט וואָס מאַכט גרינג און באַפרייט פון אַלץ, פון אַלץ. אחוץ דעם, האָט דאָך עפּעס אַ מיידל מיט גרויסע אויגן געשמייכלט צו מיר! אמת, קלעמענטע איז פיל מאָל אָפּגענאַרט געוואָרן פון פרויען, — יעדע איינע פון זיי פאַרנעמט אין מיין נשמה אַ באַזונ־דער ווינקעלע.

דאָך גלויבט נאָך פאָרט קלעמענטע אין אַ מיידלשן שמייכל.

כ'האָב אָפּגעגעבן די אַרבעט באַקומענדיק דריי פּעזעס, נאָר כ'בין ניט אַוועקגעגאַנגען באַלד, כ'בין געשטאַנען און געשמייכלט. כ'בין געשטאַנען און געטראַכט, וואָסערע קלוגע רייד מען זאָגט די פּאָר גוטע אויגן. דאַכט זיך, כ'רעד שוין גוט שפּאַניש, צייטנווייז ווייזט זיך מיר אויס ווי אַ קריאָ־זשאָ; נאָר ווען ס'קומט מיר אויס רעדן מיט אַ מענטשן, איז מיין צונג אין גלות. מיט מיידלעך בין איך קיינמאָל קיין דברן ניט געווען, אפילו אין יידיש, בפרט אין שפּאַניש...

בין איך געשטאַנען און געטראַכט, אַז מענטשן זענען נאַריש, זיי מוזן דעם אייגענעם פאַרלאַנג אַרומגנבענען, אַרומדרייען... אָט וואָלט איך פּשוט זי אָנגענומען ביים שפּיציקן בערדעלע און געפרעגט: הערט, אַלט מיידל, איך, קלעמענטע, וויל אייך... אָט אַזאַ חכם בין איך...

אייגנטלעך האָב איך געוווּסט, אַז דאָס וואָס כ'האָב אָנגעהויבן עסן קעסט ביי דער פאַמיליע פּאַדים, אָדער פּודיני, ווי זייער באַקאַנטער אַלערטאַ רופט זיי, וויל נאָך גאָרנישט זאָגן וועגן קאַטין בנוגע מיר, כאָטש די אַלטע האָט מיר בפירוש מיט אַ חניפה-שמייכעלע געזאָגט: סעניאָר קלעמענטע, איר וועט זיין ביי מיר ווי מיין קינד, איר וועט זיין פון אונדזער פאַמיליע... דאָך פלעג איך זיך אַרומדרייען, אונטערברומענדיק אַ פרייל־עכס: סוף־כל־סוף, האָב איך געטראַכט, בין איך, קלעמענטע, צו לייטן געקומען, אַ קליי־ניקייט!... איר וועט זיין פון אונדזער פאַמיליע...

בפירושע ווערטער.

ערשט שפּעטער בין איך געוווירן געוואָרן וואָס פאַר אַ מיאוסע חתונה דאָ קומט פאָר. אַלערטאַ, דער ענטערעריאָסער שגץ, וועלכער האָט זיך מיט קאַטין דאָרט אין פּאַראַנאַ אין זאַמד געשפּילט, פּגרט אוועק נאָך איר.

אַלע זונטיק אָוונט קומט ער מיט אַ כאָפּטע חברים פון זיין געגנט, וועלכע לערנען אין היגן אוניווערזיטעט. עס קומען אויך אירע שכנישע חברטעס און ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ סדרה טאַנגאָ מיט שימי.

איך בין געזעסן ווי אַ לעקיש און מקנא געווען די אַרגענטינער זין וואָס כאַפּן אויף דאָס לעבן אין האַרמאָניע פון ריטמישער באַוועגונג. נאָכ-דעם פלעגט זי זיין צו מיר אַזוי צוגעלאָזט, אַזוי ווייך. קערידאָ קלעמענטע, פלעגט זי מיך רופן.

ניט איינמאָל האָב איך דאַמאָלס זי געוואָלט בעטן: קאַטי, קאַטיא, וואָס טויגן דיר די שקצים? איך וואָלט דיר אַלע אברים אויסגעקושט ווען דו וועסט צעקריגט מיט אַלערטאַן.

איינמאָל האָט זי מיך געטראָפן לייענען „טאַיס" פון אַנאַטאָל פראַנס. האָט זי געוואָלט וויסן וואָסער ביכל דאָס איז און איך האָב איר גערעדט אַ סך וועגן ליטעראַטור. כ'בין געזעסן קעגן מיין קליינינקער קאַטין און איר דערציילט די סודות פון מענטשלעכן גייסט, וועלכע ער באַהאַלט אין ווערטערשע מאָלונגען. זי האָט מיר אַ קוש געגעבן אין פּנים. מיר געזאָגט: קלעמענטיטאָ, איר זענט אַ גאַנצער קענער.

האָב איך מיר דעם טאָג געריבן איין האַנט אין דער צווייטער און געטראַכט: מיר וועלן נאָך זען, אַלערטאַ, לעבעדיקער, זינגענדיקער אַלער-טאַ מיט דער ראָזעווער בלום אין לאַץ, מיר וועלן נאָך זען...

יאָ, יאָ, כ'מאַך איצט גאַנץ גוטע געשעפטן.

ס'איז פרילינג. ליכטיקע טעג מיט אויגנדיקע נעכט. קאָרדאָבער אויס-געפּוצטע פּוללייביקע טעכטער שטייען וואַרטנדיק אויף די שוועלן. דערפילן דאָס בליענד־דורשטיקע זכרים און גייען פאַרביי הין און צוריק, הין און צוריק, ביז איך, קלעמענטע, האָב פיל בילדער פון פּאָרלעך איינגערעמט. דערום מאַך איך גוטע געשעפטן.

נאָר יעדעס מאָל ווען כ'זע אַ פּאָרל איינגעשלונגען אין בין השמשות, אריינלאַכנדיק אין גאָטס וועלט אַריין, נאָגט מיר מיין האַרץ, ציט און בענקט: ניטאָ וועמען היי־יאָר פרילינג־בלומען צו ברענגען...

קאַטי, קאַטי!!!

מענטשן זאָגן אַז איך, קלעמענטע, בין אַ שוטה. זיי ווייסן ניט אַז פאַרשטיין, פאַרשטיי איך תמיד ווי מען דאַרף, דער אומגליק איז וואָס כ'טו קיינמאָל ניט ווי כ'פאַרשטיי. כ'האָב פאַרשטאַנען, אַז כ'טאָר זיך ניט קריגן מיט איר ברודער, אַז כ'דאַרף אים נאָכזאָגן אין אַלע זיינע ליגנערישע באַרי־מערייען. נאָר אָפט פלעג איך מיך פאַרגעסן און דאַמאָלס פלעגן פּאָרקומען הייסע דיסקוסיעס ביים עסן, און ער פלעגט זיך נוקם זיין אין מיר, פלעגט

מיך זידלען, מיך רופן טערנאָוו־שטינקער, באַנק־קוועטשער. עד היום ווייס איך ניט ווי אַרום איז אים פון טערנאָווקע אויסגעקומען טערנאָוושטינק...

דער איינאונאיינציקער פריינד וועמען כ'פלעג דערציילן מיין ביטער האַרץ איז געווען טיגרע. אַזוי האָט געהייסן דער גרויסער בייזער הונט, וועלכער קען אַ מענטשן צעררייסן...

זונטיק אָוונט, ווען אַלערטאַ מיט קאַטין האָבן זיך באַוועגט קערפּער מיט קערפּער אין טאַקט פון פּיאַנאָ, ווען מיר פלעגט זיך דאַכטן אַז אָט־אָט הויבן זיי זיךביידע אויף און פליען אַוועק אין וועלטן, בין איך אַרויס צו מיין נייעם חבר, ווי ער, זיך אַוועקגעזעצט אויף אַלע פיר און אים דער־ציילט: — טיגרע, וועראָשע איז בילכער, קלעמענטע שלימזל, וואָס האַנדלט מיט רעמלעך, אָדער אַלערטאַ דער סטודענט פון לעצטן יאָר מע־דיצין?...

צייטנווייז פלעגט זי מיך אַריינרופן אין סאַלע, ווו מיר זענען געבליבן אַליין, און זי האָט געשפּילט אויף דער פּיאַנאָ. אָ, פריילעך זענען די אַר־גענטינער זין, פול מיט אָנגעווייטיקטן טרויער זענען די טאַנגאָס און סאַמ־באַס וואָס ווערן געבוירן ערגעץ אין דער ווילדער פּאַמפּאַ... פלעגט זי שפּילן און איר נשמה האָט זיך באַשיינפּערלעך צעדרונען אין צוויי שטראָמען. איין שטראָם אַ מיסטישער, פאַרבאָרגענער, פול מיט עניוות, וועלכער האָט גע־בענקט נאָך מיר, קלעמענטע טערנאָווקער, וואָס לייענט איר אָפּט באָעטישע ווערק, און דער צווייטער, אַ דורשטיקער, פול מיט ווילדן באַגער, וועלכער האָט געצויגן נאָך אים, דעם שיינעם, קלוגן, תמיד שפּאַסנדיקן אַלערטאַ.

דער ברודער אירער פלעגט איר אין די אויגן הוזק מאַכן, פאַרוואָס זי פאַרברענגט מיט אַ מערידן־קוועטשער. פון וואַנען זאָל ער געווען וויסן, אַז איך לייד אויף מערידן!... די אַלטע, אָבער, פלעגט תמיד מיר געבן אָנ־צוהערן אַז זי וויל מיך פאַר אַן איידעם; מיין טייער פּאָרל, פלעגט זי אונדז רופן, מיך מיט קאַטין.

פונדעסטוועגן טוט מיר באַנג. בעסער וואָלט איך געווען ביז איצט ביי זיי און וואָלט איצט מיין קליינינקער קעניגין אַלע פרימאָרגן בלומען געבראַכט. בין איך אָבער קלעמענטע, טערנאַוושטינקער, האָב איך אַמאָל, מיר ניט דיר ניט, איר אַרויסגעוואָרטשעט: קאַטיאַ, איך וויל אייך פאַר... אַזאַ שוטה וואָס כ'בין, פאַרן וואַשן אפילו, נאָך די הויזן ניט געהאַט רעכט צוגעשפּילעט.

זיי האָבן טאַקע אַלע געלאַכט פון מיר און די אַלטע האָט אַלע שכנים דערציילט וואָסער חכם איך בין.

אָבער ליב האָט קאַטי מיך פאָרט געהאַט, זאָל זיין אַביסעלע, אפילו אַביסעלע.

עד היום, ווען זי באַגעגנט מיך, קוקט זי מיר נאָך אַ שטיק וועג.

שולדיק איז דעם בין ניט איך, אויך ניט איר גראָבינקער ברודער וואָס פלעגט אָנרעדן אַלדאָס בייז אויף מיר: ס'האָט אַמאָל די זון, בשעת שקיעה, איר לעצטן ראָזעווען קוש געשיקט אויף כמאַרעס שווארצע, און פון זייער התדבקות האָט גאָט מיין הארץ באַשאַפן. אָט דערפאַר האָב איך מער ניט מיין קליינינקער קאַטין...

שטופּ איך, ווען ניט ווען, מיין קאָפּ אריין אין אַ שפּאַלט פון אַ טיר אויף הפקר, שרייענדיק: „סאַנטאָס, רעמלעך מאַכן מיר ביליק!"... און מיין הארץ נאָגט, בענקט: ניטאָ וועמען היי-יאָר פרילינג-בלומען; אַלע פרימאָרגן פאַר קיש ברענגען.

# אַ בייִנאַכטיקער גאַסט

דאָן סימאָן האָט געליִיענט ביי זיך אין קלייטל אַ בוך. טיף אין נאַכט, פאַרוואָרפן אין אַן עק־שטאָט־ווינקל, האָט ער געשלונגען בלעטל נאָך בלעטל, און אַלע ווײַלע, אויפן קול, אויסגעדריקט זײַן באַגייסטערונג. פון צווייטן צימער, ווו זײַנע בני־בית זענען געשלאָפן האָט זײַן ווייב, ווען ניט ווען, פון שלאָף, אים גערופן: סימאָן! סימאָן! ס'איז שוין שפּעט! און איז ווייטער געשלאָפן, ניט וואַרטנדיק אויף זײַן ענטפער.

מיט אַמאָל האָט זיך אים געדאַכט, ווי מען האָט אָנגעקלאַפּט אין טיר. דאָן סימאָן ווייסט אָבער, אַז בייִנאַכט דאַרף מען זיך ניט ווייסנדיק מאַכן פון אַזאַ קלאַפּן. די צייטן זענען שלעכטע, מלחמה־צייטן. אַלץ איז טייער, אומגעהייער טייער; די אַרטיקלען פון קלייטל קאָסטן צוויי אָדער דריי מאָל טייערער און די אַרבעט איז ביליק, וואָרום די באַלעבאַטים רייסן די לוינען. קיין פאַמיליע קאָן ניט אויסקומען מיטן אַרבעטס־לוין און אפילו אינמיטן העלן טאָג קוקן אָפט קונים מיט גזלנישע אויגן אויף אים: „אָ, איין תירוץ האָט איר אַלע: די מלחמה! אַבי דעם אָרעמען סענט אַרויסרייסן"...

— גאָט מײַנער, — בעט ער זיך ביי די קונהטעס, — דער מאַזשאָ־ריסט וואַרפט מיט מײַנע ביינער און איר מיינט אין מיר גייט דאָס גאַנצע רייכטום. איך בין אַ פּשוטער וואַסערטרעגער.

אָבער די קונים קענען נאָר אים און אפילו אינמיטן העלן טאָג איז אָפט אַ סכנה, בפרט בייִנאַכט. האָט ער זיך געמאַכט ניט הערנדיק פון קלאַפּן אין טיר און ווייטער געליִיענט.

אָבער נאָכן ערשטן ניט זיכערן קלאַפּ איז געקומען אַ צווייטער און אַ דריטער און דאָן סימאָן האָט געטראַכט: אפשר אַ שכן דאַרף אַן אַספּי־רין־פּיל אין אַ נויטפאַל, און ער איז אַרויס אין פאָדערהויז.

— ווער קלאַפּט?

פון דרויסן האָט געענטפערט אַ יונג כמעט קינדיש קול:

— איך, דאָן סימאָן, כ'דאַרף מיט אייך זיך אַדורכרעדן.

דער בחור האָט גיך געשיט אָפּגעריסענע פראַזן פון יענער זייט טיר, גלייך ווי ער זאָל מורא האָבן, אַז זיין צוהערער זאָל ניט אוועק און אים איבערלאָזן אַ ניט אויסגעהערטן.

— איך בין פון כוכוי... מיין מוטער קאָנסעסיאָן האָט מיך געשיקט צו אייך... איך בעט אייך זייער מיר עפענען...

אַ ציטער איז אַדורך דאָן סימאָנס גוף ביים עפענען די טיר. ער גע־דענקט גוט כוכוי, ער געדענקט גוט די גראָבע קעכין קאָנסעסיאָן און ווייסט וואָסער אַ קאַשע דאָ קאָן זיך פאַרקאָכן צווישן דעם גאַסט, אים און זיין פאַמיליע. אַ ווײַלע זענעןביידע געזעסן איינער קעגן צווייטן און אומ־באַהאָלפן געשוויגן אין דער שטילער נאַכט און געהערט האָט זיך דייטלעך דריי טענער פון דרייערליי שלאָפן און איבער אַלע האָט געהערשט זיין ווייבס טאָן מיטן פיינעם בלאָז — פּ־פּ־פּ — פּעףףף!...

דער בחור האָט איבערגעריסן די שטילקייט:

— אַ גאַנצן טאָג זיך געדרייט אַרום אייער קלייטל. כ'האָב געזוכט די געלעגנהייט אייך טרעפן אַליין, דערום האָב איך געמוזט וואַרטן ביז איצט אין אַזאַ שפּעטער שעה... מיין מאַמע איז צוריק מיט אַ מאָנאַט גע־שטאָרבן און פאַרן טויט מיר געהייסן פאָרן צו אייך, אייך בעטן... זי האָט מיר אַלעם דערציילט...

דאָס זאָגנדיק איז ער רויט געוואָרן ביז איבער די אויערן און שוין ניט פאַרענדיקט, וואָס ער דאַרף בעטן און וואָס אַזוינס האָט זי אים דערציילט. דאָן סימאָן האָט זיך באַמיט מיט אַלע כוחות צוריק באַקומען זיין גלייכגעוויכט נאָך דער פּלוצימדיקער איבערראַשונג. ער האָט זיך אויפגעהויבן, ליבלעך אַ שמייכל געטון צום גאַסט:

— נו, ברודער, פריער ווען מיר מאַכן אַ מאַטע און נאָכהער אַ שמועס טון מכוח עפּעס.

און בשעת די הענט זיינע האָבן אויטאָמאַטיש געמאַכט די מאַשינקע, געגרייט די מאַטע, איז זיין מוח געווען פאַרנומען מיטן ניט ווייטן אַמאָל.

...כוכוי, כוכוי, די הייסע שטאָט פון צפון! אירע קרומע גאַסן מיט שפּיציקע שטיינער האָבן געפּרעגלט זיין קערפּער און אים אָנגעפּולט מיט

אַן טראָפּיקאַלישן פּולן באַגער. גאַנצע טעג פלעגט ער זיצן אין קאַפעען צוזאַמען מיט אַלערליי יונגען, שפּילן מיט זיי אין קאָרטן און פאַרטרינקען די נעכט אין אַלקאָהאָל. אַ קרעאָל מיט קרעאָלן צוגלייך. ווי איינער פון זיי האָט ער געפּאַקט די גראָבע קעכין קאָנסעסיאָן און געלעבט מיט איר.

ער האָט באַדינט דעם גאַסט מיט אַ ביטערע, געזאָטענע מאַטע, אויפן כוכוישן שטייגער, אים געמאַכט אַ סאַנדוויטש פון אַ ברייטל און צוגעקוקט ווי יענער האָט אים גיריק געקייעט מיט זיינע יונגע געזונטע ציין.

ווען דאָן סימאָנען איז אָנגעקומען די דריטע מאַטע, די מיושבע, ווי מען רופט זי, האָט ער צווישן זופּ און זופּ גערעדט צום גאַסט:

— הער, ברודער, מיט קאָפּ, איך וועל קלאָר מאַכן די סיטואַציע: ווען איך בין געקומען אין לאַנד, האָב איך געמיינט כ'וועל אַוועק ווייט, פאַרגעסן אין אַלעס און ווערן אַ נייער. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז איך האָב פיינט מיין שטאַם, מיין פאָלק. אָ, ווי קען אַן ארגענטינער פאַרשטיין ווי מען האָט פיינט אַן אייגן פאָלק? יאָ, כ'האָב פיינט געהאַט זיין אַרט לעבן, זיינע מנהגים און בין ווירקלעך אַוועק ווייט, אַזש קיין כוכוי. מיט קאָמ־פּאַדרעס האָב איך מיך געחברט און זייערע מנהגים קאָפּירט. דיין מוטער, זאָל אייביקע רו האָבן, דערקענט און געמיינט זיי וועלן זיין מיין סביבה און זי וועט זיין מיין היים. כ'האָב מיך גיך אַנטוישט. זיי, די חברה, פלעגן לאַכן פון מיר אין די פויסטן אונטער די אויגן און דיין מאַמע, נו, וואָס איז פאַראַן צו רעדן... זאָל זי האָבן אייביקע רו.

ער האָט אויפגעהויבן זיין בליק צום יונג און יענער האָט זיך אַלץ געריוויטלט און געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף יאָ. ער האָט אים פאַרשטאַנען. דאָן סימאָן איז צוגעגאַנגען נאָענט צום בחור, אים דערלאַנגט אַ פרישע מאַטע, פאָטערלעך אים אַרומגענומען ביי דער טאַליע און ווי צו אַ יונגערן חבר איינגעטענהט:

— פאַרשטייי, דו ביזט דאָך דאַמאָלס געבוירן, אָבער איך האָב ניט געקאָנט וויסן וועמענס זון דו ביסט. איך פלעג דיך טראָגן אויף מיינע הענט און זוכן אין דיין געזיכט שפּורן פון מיר, פון מיין טויזנט־יעריקן שטאַם. אָפּטמאָל פלעגט זיך מיר דאַכטן, אַז דער אָדער יענער שטריך איז עס, בין איך געווען גליקלעך, אָבער נאָר אַ ווייַלע. די חברים מיינע פלעגן מיט חוזק געבן אָנצוהערן אַלערליי רכילות, ביז כ'בין אַוועק, אַוועק צוריק צו מייניקע. ערשט דאַמאָלס האָב איך דערפילט, אַז מיין שנאה איז געווען אַן איינרעדעניש פונקט ווי אַנדערע איינרעדענישן פון דער יוגנט.

צום אייגענעם פאָלק דאַרף מען פילן ליבע ניט שנאה, פונקט ווי צו אַן אייגענער מוטער. און וואָס שייך זיין אַרט לעבן איז שוין אַ גאַנץ אַנדע־רער ענין, דאָס איז שוין אָפּהענגיק פון אַנדערע אומשטענדן, אַפילו ניט פון אים אַליין.

דער בחור האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ אין פאַרצווייפלונג. ער האָט זיך געזען עלנט אין אַ פרעמדער שטאָט — אַ ים אַ גאַנצער, און זיין איינ-ציקע האָפנונג אויף דעם, צו וועמען זיין מוטער האָט אים געשיקט, ווערט אויסגערונען. דאָן סימאָן האָט באַמערקט ווי דער טרויער און האָפנונגס־לאָזיקייט האָבן זיך צעלייגט אויף דעם שיינעם מאַטעווען פנים פון יונגן קרעאָל.

— ניט געזאָרגט, ברודער, איך וועל דאָך דיך איינאָרדענען אַזוי, אַז דיין צוקונפט זאָל זיין געזיכערט.

און ווען דער בחור האָט זיך געלייגט אויף דעם אימפּראָוויזירטן גע-לעגער אין קלייטל האָט אים דאָן סימאָן פאָטערלעך איינגעדעקט און אָנ־געזאָגט: „פאַר מיין פאַמיליע זאָל עס הייסן, אַז דיין פאָטער אַנסעלמאָ, געדענק גוט „אַנסעלמאָ", האָט מיר פיל טובות געטון אין כוכוי און דעריבער האָט ער דיך געשיקט צו מיר. איינצלהייטן וועל איך שוין אַליין צוטראַכטן".

די רעשט נאַכט זענען שוין מאַן און ווייב ניט געשלאָפן. דאָן סימאָן האָט אַלץ דערציילט זיין פרוי וואָסער גוטער מענטש דעם יינגלס פאָטער איז געווען, וואָסערע טובות ער האָט אים געטון, ווי ער האָט אים איינמאָל אַ קראַנקן, אָן אַ סענט, צו זיך אין שטוב גענומען, אַ קוראַנדעראָ געבראַכט און אַרום אים זיך געפּאָרעט ווי אַרום אַן אייגן קינד. איצט איז זיין זיבעצן-יעריקער זון געקומען קיין בוענאָס איירעס, זיין אַדרעס אין יידישן בלאַט אָפּגעזוכט און צו אים, לויטן פאָטערס אָנזאָג פאַרן טויט, זיך גע-ווענדעט נאָך הילף. איז וואָס זאָגט זי, ביילקע, איר מיינונג, זי איז דאָך ניט אַבי ווער, ווי אַרום אָרדנט מען איין דעם יונגן כואַן?

איז דאָניאַ בערטאַס האַרץ אָנגעפולט געוואָרן מיט רחמים און לייט-זעליקייט צום יונגן יתום, אין דער גרויסער שטאָט, אַן עלנטער, נעבעך, און געזאָגט האָט זי מוטערלעכע רייד: אוודאי וואָלט דאָס קינד ביי אונדז באַדאַרפט צו זיין אַפילו ביז זיין חתונה, נאָר מיר האָבן אַ מיידל אין זיינע יאָרן, איז טאַקע ניט גליך זיי זאָלן זיין צוזאַמען אין איין הויז. איז מיין עצה: בעטן אונדזער דאָן איסאַק ער זאָל אים אַריינגעמען צו

זיך אין פאַבריק, זאָל ער אים לערנען דאָס פאַך און האַלטן אין אויבער־צימערל, וואָס ס'איז דאָרט פאַראַן. און אַביסל וועט ער פאַרדינען און דאָס רעשט, מילא, וועלן מיר אים אויסהאַלטן ביז ער וועט גוט קאָנען דאָס פאַך און אַליין פאַרדינען. און אַלע זונטיק זאָל ער זיין ביי אונדז פונקט ווי אַן אייגן קינד.

פלעגן טאַקע דעם קרעמערס שכנים שטוינען, ווען זיי פלעגן טרעפן אַלע זונטיק און יום־טובים צווישן דאָן סימאָנס בני־בית דעם יונגן קרעאָל מיטן טונקל־הויטיקן פּנים, גלייך ווי איינער פון זיין פאַמיליע, זיך גע־חידושט: אַ רוסאָ ווי אַלע רוסאָס — ווי־זשע קומט צו אים אַ בן־בית אַ מעסטיסאָ?

# ציגיינער

דאָס שטילע געסל „הייליקע יונגפרוי״ פון דעם שטאָט־פערטל וויזשאַ לוראָ איז מיטאַמאָל אָנגעפילט געוואָרן מיט רעש און געפילדער.

קיין אויסערגעוויינלעכע געשעענישן זענען דאָרט ניט פאָרגעקומען און דאָך האָט זיך געפילט אַ ספּעציעלער טעמפּ אין דער באַוועגונג און אינעם עפנטלעכן לעבן. אינעם הויז מיט דעם גרויסן ליידיקן פּלאַץ דערנעבן, וווּ חברה יונגוואַרג שפּילט בייטאָג פוטבאָל און ביינאַכט שפּילן דאָרט קעץ זייערע טרויעריקע סערענאַדעס, האָט זיך באַזעצט אַ מחנה ציגיינער מיט זייערע פאַמיליעס און מיט זייער גאַנצן קלאַפּערגעצייג. מיט עקזאָטישער פירונג האָבן זיי אַרויסגערופן קוריאָזיטעט ביי אַלע איינוווינער און גאַנצע כאָפּטעס קליינוואַרג זענען זיי נאָכגעלאָפן, נאָכגעשריגן אַלערליי באַליידיקונגען און אפילו ווען ניט ווען אַ שטיינדל געוואָרפן.

די ציגיינערקעס, מיט ברייטע קאָלירטע ספּאָדניצעס, אָן וועלכע ס'האָבן זיך אָנגעהאַלטן ציגיינערלעך, זענען געגאַנגען איבער די שטילע געגנטלעכע גאַסן און געשריען אין זייער אויסטערלישער אויסשפּראַך, האָבן יעדן דורב-גייער פאָרגעלייגט טרעפן זיין פאַרגאַנגענהייט און זיין צוקונפט ריכטיק ווי דער טאָג. ווייבער אי: די טירן האָבן זיך געשעמט, געשאָקלט מיט די קעפּ, אַז זיי גלויבן ניט אין אַזעלכע נאַרישקייטן און דאָך געשטרעקט די הענט מיט צוואַנציקער סענטן און די ציגיינערקע האָט געטראָפן, ווען אַ געליבטן ברונעט, וואָס גייט אויס נאָך איר, ווען רייכקייט דורך דעם הויפּט־טרעפער. צו צוויי און צו דריי זענען די ציגיינערקעס געקראָכן אין די קראָמען, געטאַפּט די שפּייז-פּראָדוקטן מיט די הענט, אומעטום זיך געדונגען, אַרויסגעגאַנגען און ווידער זיך אומגעקערט, געלקחנט ביי דער

ערשטער געלעגנהייט און דאָך איינגעקויפט גרויסע סכומים עסנוואַרג פֿאַר די פֿאַמיליעס.

אין אַ נאָכמיטאָג זענען צוויי ציגײַנערקעס אַרײַן צום קרעמער דאָן סאַמועל, באַגלייט מיט זייערע קינדערלעך און אפשר זענען עס געווען אייניקלעך.

דאָן סאַמועל איז געזעסן אין זיין „טיענדאַ" און צום וויפלטן מאָל געלייענט און איבערגעלייענט די יידישע בלאַט-צייטונג. ער איז געווען נערוועז. שוין אַ שטיק צייט ווי ער זעט בחוש, אַז ער מיט זיין פֿאַמיליע גריזשען זיין קראָם, גריזשען זי שטיקלעכווייז יעדן חודש און זי ווערט אַלץ ווייניקער און ווייניקער און סוף-כל־סוף, אויב דער פּדיון וועט אַזוי אָנהאַלטן, וועט ער, סאַמועל, מוזן „זיך איבערבעטן מיט דער גאַס", ער וועט ווידער מוזן אַרויפוואַרפן אויף זיינע אַקסלען אַ פּאַק סחורה, אַרומגיין איבער די גאַסן און אונטערהעלפן דער בידנער קראָם נעבעך. די אַרבעט — האָט ער געטראַכט — איז אַ פּאַסקודנע און אַ ביטערע: האָבן צו טון מיט שקצים אין גאַס און מיט ווייבער ביי זייערע טירן איז זייער ניט אָנגענעם. דערצו די צייטן שלעכטע און יידן זענען ניט ווילקאָמען... קיין אַנדער אויסוועג האָט אָבער דאָן סאַמועל פֿאַר זיך ניט געזען. לייזן לייזט ער ניט, די סחורות זענען טייער און ס'רוב איינוווינער אַרום זענען אַרבעטער, קבצנים... איז ער געזעסן, טרויעריק געקוקט אין יידישן בלאַט און זיך געטראַכט זיינע רעיונות.

פּונקט דעמאָלט זענען די צוויי ציגײַנערקעס אַרײַן צו אים אין קראָם. די חברה אין גאַס האָבן זיי נאָכגעשיקט באַליידיקנדיקע אויסרופן און געלעכטערס. אַ פּאָר זייערע האָבן אפילו געפּרוּווט אַריינדרינגען אין קלייט און אַ צופּ טון די ציגײַנערקעס ביי די קליידלעך. דאָן סאַמועל האָט אַרויסגעוואָרפן די שקצים און איז גרייט געווען באַדינען זיינע קליענטינס מיט זייערע קינדער.

די ציגײַנערקעס האָבן איבערגעוואָרפן אַלע סחורות, אויסגעלייגטע אויפן טיש, האָבן אויסגעטאַפּט אַלע אַנדערע סחורות, וואָס דאָן סאַמועל האָט זיי דערלאַנגט. זיי האָבן גערעדט צו אים אין אַ געמיש פון שפּאַניש און רוסיש, אָנגעבאָטן פֿאַר יעדער סחורה האַלב פונעם קאָסט-פּרייז, זיך געקלאַפּט מיט די פויסטן אין האַרצן און זיך געשוואוירן, אַז זיי זענען די בעסטע קונהטעס. די ציגײַנערלעך זענען דערווייל זיך צעלאָפן איבער אַלע ווינקלען פונעם קלייטל, געזוכט און געשניפערט און דער אָרעמער קרע־

מער האָט ניט געוווּסט וועמען ער זאָל פריער היטן, די ציגיינערקעס צו זייערע קינדערלעך. דערצו איז ער געווען אַליין, זיין פרוי מיט זיינע צוויי קינדער זענען אַוועקגעפאָרן אין פאַמיליען־אָנגעלעגנהייטן.

— נאַדיר אַזאַ אָנשיקעניש — האָט דאָן סאַמועל זיך געטראַכט. — אַ גאַנצן טאָג קוקט ער זיך די אויגן אויס נאָך אַ קונה און קיינער עפנט ניט די טיר פון זיין קראָם. טעג און טעג פאַרגייען און קוים ער לייזט די פּאָר סענט אויף דער הוצאה און מיט אַמאָל אַזאַ פּורעניות!...

ער איז שוין געוואָרן רעכט אויפגערעגט, דער קרעמער, נאָר די ציגיי־נערקעס האָבן זיך ווייניק געמאַכט סיי פון זיין כעס, סיי פון די קינדערשע געשרייען אינדרויסן. איינע איז גאָר געוואָרן צוגעלאָזן און זיך געבעטן דערלאַנגען די האַנט:

— גיב די האַנט, מאַרטשאַנטע, וועל איך דיר טרעפן אַלץ וואָס וועט פאָרקומען מיט דיר, ריכטיק טרעפן, אומזיסט!

סוף־כל־סוף איז דער קרעמער אַרויס פון געדולד און זיי אַרויסגעוואָרפן פון געשעפט, צום יובל און געלעכטער פון דער חברה קליינוואַרג אינדרויסן.

— ס'אַראַ קונים עס קומען מיר אָן! — האָט דאָן סאַמועל איראָני־זירט. — מען קען פון זיי געגעזן ווערן!

ערשט אויפן צווייטן טאָג האָט זיין פרוי, דאָניאַ כואַנאַ, זיך געכאַפּט, אַז ס'פעלט אין קלייט אַ גאַנץ שטיק סחורה פון צוועלף מעטער אויף פּאָר־האַנגען. און ס'איז אַוועק אַ סדרה יאַדענישן צווישן מאַן און ווייב. ער האָט איר פאַרגעוואָרפן איר אַוועקגיין, זי אים — זיין צעטראָגנקייט: אַז זי קאָן אויף אַ מינוט אים ניט לאָזן אַליין אין קלייט, אַזאַ צעטראָגענער... מסתמא — האָט זי געטענהט — געווען פאַרטון אין לייענען... אַז אַ מענטש, נאָר ער לייענט, רק פאַרטון אין פּאָליטיק, ווי זאָל מען אים ניט באַגנבע־נען!... אַ מענטש זוכט זיך אויס קונים, ציגיינערקעס גאָר!...

אומזיסט איז געווען זיין פאַרענטפערן זיך, אַז די קונים האָט ער ניט געזוכט, אַז ער איז קוים פּטור געוואָרן פון זיי. מאַן און ווייב האָבן ניט געקענט פאַרגעסן אַזאַ גרויסן פאַר זיי שאָדן, אַריבער צוואַנציק פּעזאָס!...

עס זענען אַריבער עטלעכע טעג, די פאַמיליע זוסמאַן האָט קוים אָנ־געהויבן זיך באַרואיקן און פאַרגעסן איינעם שאָדן, יאָוועט זיך אַריין אין אַ נאָכמיטאָג אַ יונגע שיינע ציגיינערקע. ווייזט אויס, פון דעם זעלבן לאַגער. זי האָט זיך באַשיידן געגריסט צום קרעמער און געפרעגט אויף סחורה.

אויפגערעגט פון דער פריערדיקער פּאַסירונג, האָט דאָן סאַמועל גלײַך אויסגעשאָסן צו איר מיט כעס:

— איך פאַרקויף ניט צו ציגײַנער, די גנבים! ערשט מיט אַ פּאָר טעג צוריק האָבן זײ מיך אַזוי באַגנבעט!

די יונגע פרוי איז רויט געוואָרן ביז איבער די אויערן. געוואָלט עפּעס זאָגן און ניט געוווּסט וואָס, איז זי שטיין געבליבן אַ ווײַלע אַ צעטומלטע, אַ פאַרשעמטע און זיך אַרויסגעשלײַכט פון געשעפט בחרפּות און בושת פּנים.

ס'איז ניט אַוועק קיין צוויי שעה, איז אין קלייט אַרײַן אַ יונגערמאַן פון אַ יאָר צוואַנציק, אַ פײַן-געקלײדטער, און זיך געפרעגט אויף דעם בעל־הבית. ווען דאָן סאַמועל איז אַרײַן פון זײַן פּאַרטיקולאַרן צימער אין געשעפט, האָט יענער אַ לאַנגע ווײַלע געקוקט אויף אים מיט זײַנע מעלאַנכאָלישע אויגן און טונקעלן געזיכט ביז ער איז אַרויס מיט לשון אין אַ שײנעם שפּאַניש:

— איר זענט אַ ייִד? יאָ? ווי־זשע קומט עס איר זאָלט אַזוי באַהאַנדלען מײַן שוועסטער? איר האָט ליב, אַז מען וואַרפט פאַר אַלע ייִדן אײַן באַליידיקונג? איז מײַן שוועסטער פאַראַנטוואָרטלעך פאַר אַלע ציגײַנער? איר האָט אומזיסט באַליידיקט מײַן שוועסטער, זי אַרויסגעטריבן אָן אַ פאַרוואָס און זי האָט אינדערהיים געוויינט. אָט וואָס! אַלס ייִד, וואָלט איר געמעגט זײַן מער פאָרזיכטיק מיט באַליידיקונגען!

דאָן סאַמועל איז געוואָרן אויסער זיך פון ערגערניש און האָט זיך געקאָרטשעט אין דרייען. מיט טרערן אין די אויגן האָט ער זיך כמעט געבעטן
קאָרטשעט אין דרייען. מיט טרערן אין די אויגן, האָט ער זיך כמעט געבעטן
ביים יונגן ציגײַנער:

— אמת, שלעכט געהאַנדלט. טאַקע שלעכט באַהאַנדלט אײַער שוועסטער. אָרעם מיידל, נעבעך!

# שאָקאָלאַד

קאָקיטאַ ליפּשיץ איז געשטאַנען אויף דער פּלאַסע „פּרימערא כונטאַ" און געוואַרט אויף איר געליבטן.

אירע עלטערן האָבן שוין געוווּסט פון אירע באַציאונגען מיט פּעדראָ לאָפּעס.

זיי פלעגן זיך שטאַרק ערגערן און זיך גענומען צום האַרצן, גלייך דאָס וואָלט געווען די גרעסטע טראַגעדיע, דער גרעסטער אומגליק, וואָס וואָלט זיי געקענט טרעפן.

איין קליינינקייט, זייער בת־יחידה און שיינדלינג, קאָקיטאַ, וועט אַוועק פון זייער שטאַם לדור־דורות !

יאָרן און יאָרן האָבן זיי זיך ניט פאַרגונען דאָס מינדסטע און גע־שפּאָרט, קאָקיטאַ זאָל האָבן אַלע באַקוועמלעכקייטן, זי זאָל לערנען באַ־גלייך מיט אַלע גבירישע טעכטער.

אין די ערגסטע מאָמענטן, ווען ער, איר פאָטער, פלעגט מיד ווערן ביי דער סטאָלערישער באַנק, אום זומער, ווען דער שוויים פלעגט זיך גיסן פון אים ריקעס, איז גענוג געווען ס'זאָל אַפּירשווימען דאָס געשטאַלט פון זיין טאָכטער מיט די גאָלדענע האָר פאַר זיינע אויגן, ער זאָל ווייטער אַר־בעטן מיט חשק און פליים.

דערפאַר טאַקע האָבן זיי זי געהיט אויף שריט און טריט, ניט געלאָזט טון קיין פרייען שפּאַן, אפשר, אפשר וועט זיך איינגעבן אָפּווענדן דעם צאָרן, וואָס האָט זיי געטראָפן. דער פאָטער האָט געשריגן, די מוטער פלעגט וויינען, זיך בעטן ביי איר צווישן טרערן, איר צוזאָגן דאָס טעלערל פון הימל, זי זאָל איבעררייסן מיט פּעדראָ, דעם קאַרניסעראָס בנ'אָק

זי, קאָקיטאַ, פלעגט שווייגן, פאַרעקשנט שווייגן אויף אַלע זייערע

טענות און זיך טראַכטן: סאַראַ נאַראָנים די אַלטע זענען! זעען זײ נישט? פילן זײ נישט? זעען זײ נישט דעם קלוגינקן שמײכל אויף זײַן לויטער־פּנים, וואָס באַהנדלט אים און מאַכט אים אַזוי זיס און טײַער? פילן זײ נישט, אַז די טעג, ווען זי זעט זיך נישט מיט אים, פאַרוואַנדלען זיך אין אַזוינע לאַנגע גרויע יאָרן און אונטערן האַרץ ווערט אַזוי שווער, גלײַך מען וואָלט דאָס מיט צוואַנגען געקלעמט און געריסן? פּלעגט זי זיך דעריבער כיטרעווען און איבערקלינגערן די עלטערן און אויסגעפינען שוין עפּעס אַ מאָטיוו אַרויסצולויפן פון תּפיסה און זיך זען מיט איר געליבטן.

אירע רויטע פּײַערדיקע האָר האָבן זיך צעוואָרפן פאַרשײט איבער די אַקסלען, איר געטאָקט לויטער געזיכט האָט אויסגעדריקט שפּאַנונג און וואַרטונג, זי האָט מיט אירע בלויע גרויסע אויגן געקוקט דאָ אין איין ריכטונג, דאָ אין אַ צווייטער און נערוועז געדרייט איר בײטל פון האַנט אין האַנט.

אויף דער פּלאַסע זענען געווען פאַרזאַמלט מער מענטשן ווי געוויינלעך. באַלד האָט אַ לאַסט-אויטאָ געבראַכט אַ טריבונע און אַ יונגער רעדנער האָט זי פאַרנומען. קאַקיטאַ האָט מיטאַמאָל אָנגעשטרענגט אַלע אײ־ע חושים פון שטוינונג און אויפרעגונג. דער רעדנער האָט גערעדט פון ייִדן.

ס'איז געווען פאַר דער יוני-רעוואָלוציע, ווען פאַרשידענע אונטער־געקויפטע כוליגאַנעם פּלעגן אויף די צענטראַלע ראָג־גאַסן מיט מענטשן־קאָנצענטראַציעס העצן קעגן ייִדן און נאָכזינגען דאָס ליד פון די ווײַט ווײַט-לענדישע תּליונים.

דער רעדנער האָט געזידלט די ייִדן, זײ אָנגערופן בלוט-זויגער, שמו־ציקע ברואים, דערצײלט אַלערלײ בילבולים און געוואָרנט: זאָלן זײ נעמען זייערע טשעמאָדאַנעס, אָנגעראַבעוועט מיט אַרגענטינער האָב און גוטס, און זאָלן זײ זיך פאַרנעמען פון אונדזער לאַנד! מיר ווילן נישט זײ, נישט זייערע קינדער, וועלכע וועלן קײנמאָל קיין אמתע אַרגענטינער נישט ווערן, אַניט וועלן זײ מיאוס אָפּשנײַדן. דער קרעאָל האָט אַ לאַנג מעסער און וועט דאָס סוף כל סוף לאָזן אין גאַנג, ווען ער וועט אַרויס פון געדולד!...

קאַקיטאַ איז געשטאַנען און געהערט און זיך נאָך אַלץ נישט געגלויבט אירע אײגענע אויערן. זי איז געוואָרן אויפגערעגט און דאָס בלוט האָט איר געקלאַפּט האַסטיק אין די שלײפן, גלײַך ס'זאָל וועלן אַרויסזעצן פון די אָדערן. זי האָט שוין פאַרגעסן, צוליב וועמען זי איז געקומען אַהער, אויף דער פּלאַסע, און איר האָט זיך געדאַכט, אַז דאָס מיינט מען זי. דער

רעדנער וויל נישט, זי זאָל ווערן פּעדריטאָס און וואָרנט, זי זאָל זיך פאַר־נעמען צוזאַמען מיט אירע עלטערן, און וויל זי בשום אופן נישט פאַר אַן אַרגענטינערין.

א ווײַלע האָט זי געפילט ווי גערעכט ס׳איז איר מוטער, ווען זי זאָגט איר: רעוועקיטאַ. אָן אַ פאַרוואָס לײַדן זיי אונדז נישט, און אויב פּעדראָ איז צו דיר איצט צוגעלאָזט, וועסטו שפּעטער ווערן בײַ אים „לאַ כודיאַ״ און איר וועט קיין רואיק לעבן נישט האָבן...

דאָס איז געווען נאָר אַ ווײַלע. באַלד האָט פּעדריטאָס פעסט־געבויטע פיגור מיט זײַן שיין פּנים אויף כוח פאַרטריבן אַלע ספקות, וועלכע האָבן זיך אַרײַנגעריסן אין איר מוח און זי האָט פאַרעקשנט געטראַכט: „אָט טראָץ דעם כוליגאַנס דראָאונגען, וועט זי זיך אײַנקלאַמערן אין איר פּעד־ראָ און זײַנע ווערן אויף תמיד״.

א זיכערע באַקאַנטע האַנט האָט זי אַרומגענומען צערטלעך אַרום דער טאַליע און זי האָט דערזען איר געליבטן אַ גליקלעכן, אַ שמייכלענדיקן.

ערשט איצט האָט איר אויפרעגונג און ווייטיק באַקומען אויסדרוק און זי האָט זיך געפיעשטשעט פאַר איר חתן:

— דו הערסט וואָס ער זאָגט? מיר זאָלן זיך פאַרנעמען. ער אָנער־קענט מיך נישט פאַר אַן אַרגענטינערין...

פּעדראָ האָט זי גענומען געאָרעמט און זיך באַמיט זי אַרויסצופירן פון מענטשן־געדרענג און אין אײַנוועגס באַרואיקט:

— וואָס נעמסטו אין אַכט עפּעס אַ פּלאַפּלער? ווי מען צאָלט, אַזוי פּלאַפּלט ער.

קאָקיטאַ האָט אָבער אַלץ געציטערט און געפיבערט בײַ אים אין די הענט, אונטערגעכליפּעט, זיך ווישנדיק די אויגן:

— ער האָט דערצײַלט בילבולים אויף אונדז... פאַרוואָס?

איר באַגלייטער האָט אַלץ נישט גענומען ערנסט, נישט יענעמס רייד, נישט איר אויפברויז:

— וואָס נעמסטו זיך אַזוי צום האַרצן? מיר וועלן חתונה האָבן, וועס־טו זיך רופן לאָפּעס און קיינער וועט נישט וויסן ווער דו ביסט...

— פּעדראָ, עס גייט נישט אין דעם. פאַרוואָס זאָל ער אַזוי פריי העצן קעגן אונדז? און מיט וואָס איז מײַן פאָטער דעת סטאָלער ערגער פון אַלע אַנדערע סטאָלערס און יידישע קרעמער פון ניט־יידישע?

אים, פּעדראָ לאָפּעס, האָט אָבער דער גאַנצער עסק װײניק װאָס אינ־טערעסירט. ער איז געלאָפן פיל קװאַרטאַלן נישט צו פאַרשפּעטיקן צו זײן קאָקאָ און זי, נישט נאָר זי פרײט זיך נישט, נאָר דערקוטשעט גאָר אים מיט נאַרישקײטן, װאָס אַ שאַרלאַטאַן האָט דאָרט גערבערט.

ער איז רױט געװאָרן פון כעס און אױפרעגונג:

תמיד דאָס זעלבע, קיטאַ, מיט דיר. תמיד געפינסטו אױס עפּעס אַ סיבה װי אַרום צו שטערן מײנע פרײדיקע מינוטן. װאָס גײט מיך אָן דאָרטן, װאָס אַ טיפּ האָט געדרשנט? איך האָב פון מיר געיאָגט די נשמה דיך צו זען און דו װײנסט גאָר, דער רות װײס װאָס! ס׳אַראַ מענטשן איר זײט!...

קאָקיטאַ האָט אױסגעשטרעקט אירע גרױסע לױטערע אױגן אױף איר געליבטן. די טרערן זענען אין זײ מיטאַמאָל אױסגעטריקנט געװאָרן און זײער אָרט האָט פאַרנומען אַ טיפער מעלאַנכאָלישער צער. זי האָט מער נישט געפיבערט. זי האָט פּאַמעלעך אַרױסגעגליטשט איר האַנט פון זײנער און אָפּגעלאָזט זײן אָרעם.

זי, קיטאַ, האָט פאַרשטאַנען איצט, אַז גערעכט איז ער, פּעדריטאָ. װי האָט זי דאָס געקאָנט מײנען, אַז פּעדראָ לאָפּעס, דעם גאַזשענגאָס זון, זאָל פאַרשטײן און פילן דעם קלעם און ציטער פון אַ באַלײדיקטער ײדישקע?

פּעדראָ האָט, װײזט אױס, זיך געכאַפּט װעגן זײן נישט טאַקטישער האַנדלונג, און בכדי צו פאַרגלעטן, האָט ער אַרױסגענומען אַ שאַכטל שאָ־קאָלאַד און דערלאַנגט זײן באַגלײטערין:

— עס קיטאַ, און פאַרגעס אין נאַרישקײטן!

קאָקיטאַ האָט זיך דערמאָנט: תמיד, װען איר װילט זיך שאָקאָלאַד, װאַקסט באַלד אױס איר מוטער און בעט זיך בײ איר: „ניטע, קאָקיטעשע, עס נישט, עס װעט דײן לײב באַדעקט װערן מיט אורטיקאַרישע בלאָטע־ן פון דעם!" און כאָטש איר גלוסט זיך שאָקאָלאַד מיט לײב און לעבן, דאָך, זיך דערמאָנענדיק דעם אױסשיט, װאָס באַדעקט זי פון דעם נאַשװאַרג, האַלט זי זיך תמיד אָפּ דערפון.

און איצט האָט זי געשטאַרצט אירע טרױעריקע אױגן אױף זײ בײדן, אױף פּעדראָן און אױף דעם שאָקאָלאַד אין זײן האַנט, און קענדיק איר שטאַרקן באַגער צו בײדן, האָט זי זיך געזעגנט און אַװעק צום אָנקומענ־דיקן טראַמװײ.

# אַרויסגעשטעקט אַ צונג

דער קאַפּיטאַן בירקע מיט צוויי יונגע אָפיצירן האָבן זיך געלאָזט וואוילגיין אין דער באַקוועמער כאַטע פון דער אַלטער יעוודאָכאַ מיט איר מאַן.

זיין גאַנצער באַטאַליאָן האָט גערוט אין דאָרף נאָך פינף טעג כסדר־דיקע שלאַכטן אויפן נאָענטן פראָנט ביי דער באַן־ליניע פּראָסקוראָוו — טאַרנאָפּאָל. דער קאַפּיטאַן האָט געטייטלט מיט אַ פינגער אין אַ מאַפּע, אַ צעשפּרייטע ... טיש, און די צוויי האָבן מיט פּאַראינטערעסירטע פּנימער זיך איינגעהערט. זיי האָבן אַלע דריי געזופּט פון זייערע גלעזער שטאַרקן קאָניאַק און האָבן קיין שום אכט נישט געלייגט אויף יעוודאָכעס מאַן, איוואַן, אַ ביסל אַ פּרידורקעוואַטן. די אַלטע האָט אין קיך געגרייט פאַר זיי מאכלים און דער אַלטער האָט זיי באַדינט. ער האָט זיך געהיט פאַר זיי, זיך באַמיט צו שטיין עטוואָס פונדערווייטנס. וואָרום ווי נאָר ער האָט זיך דערנענטערט, האָט ער באַקומען פון זיי אַ זעץ מיטן שטיוול אָדער מיט דער פויסט:

— פונדערווייטנס, שמוציקער רוסע!

דער קאַפּיטאַן בירקע האָט זיך געקלאָגט:

—אָ, די רוסישע אַרטילעריע! זי צעשמעטערט אַלעס! אונדזער גענע־ראַל־שטאַב און אויך דער ליבער „פּירער" האָבן צופיל זיך פאַרלאָזט אויף די טאַנקן... אַ גליק — האָט ער צוגעגעבן — וואָס שוין צוויי וואָכן ווי די רוסן דערטאַפּן ניט אונדזערע פאַרשאַנצטע פּונקטן. זיי שיסן אויף בלינד. אז נישט, וואָלטן זיי שוין לאַנג די ליניע איבערגעשניטן...

ער האָט געטייטלט אין דער מאַפּע, ווו די באַפעסטיקטע פּונקטן זענען און ווו די רוסישע באַטאַרייען שיסן, זוכנדיק זיי אומזיסט. פון דרויסן האָבן

זיך דערטראָגן טעמפּע אָפּהילכן פון א װײַטער קאַנאָנאַדע, װאָס האָט גע-מאַכט ציטערן דעם טיש מיט די פולע גלעזער משקה און די דײַטשן האָבן װײַטער געטרונקען זײער קאָניאַק און ארומגערעדט שלאַכט-אײנצלהײטן אין דײַטש, זײענדיק זיכער, אז קײנער פארשטײט זײ נישט. נישט באַ-מערקט האָבן זײ דעם פײַער-גלאַנץ אין די אויגן בײַ איוואַנען, װעלכער האָט זײ אויסגעהערט מיט א באַזונדערער אויפמערקזאַמקײט.

דער אַלטער האָט געמוזט שטארק אָנשטרענגען זײַן געהער אויפצו-כאַפּן פּינקטלעך זײער געשפּרעך אין טיפן זאַקסישן דיאַלעקט, װעלכער האָט שטארק זיך אונטערגעשײדט פון יידיש. שוין א יאָר װי די רשעים האָבן פארטריבן די יידן פון האָראָדאָק צו דער שחיטה און ער איז װי דורך א נס אַנטלאָפן פון שטעטל אין זײַן געבורטס-דאָרף געלעטעניץ. דאָ האָט ער זיך אויפגעהאַלטן בײַ דער אַלמנה יעװדאָכא, װאָס ער איז מיט איר מאַן געװען באַפרײַנדעט צענדליקער יאָרן, פון קינדװײַז אָן. װען גם פלעגן אײַנשטײן בײַ איר דײַטשן, האָט עס געהײסן, אז ער איז איר מאַן, דער געשטאָרבענער איװאַן. צוליב מער זיכערקײט, האָט ער זיך געמאַכט א ביסל אידיאָטיש און די אַלטע פלעגט אים אין זײערע אָנװעזנהײט זידלען און שרײַען אויף אים, אפילו א שטורכע טון, צו דער פרײד פון די בגילו-פינדיקע נאַצים, װאָס פלעגן דערפון אָנקװעלן.

דאָסמאָל איז די הויכע געסט גאָר אין זינען נישט געלעגן צו מאַכן שפּאַס מיט דעם נארישן רוסע איװאַן און רק ארומגערעדט די לאַגע אויפן נאָענטן פראָנט. אין דרויסן האָט דער פראָכט געשרפּהעט און האָט דער-מאָנט אָן די נעכט דאָרט אין די טראַנשײען, װוּ די קעלט מאַכט גליװערן דאָס בלוט אין די אָדערן און פרירט אָפּ די אברים. דאָס האָבן זײ גערײצט װאָס מער צו גיסן אין זיך פון דעם מחיהדיקן קאָניאַק. יעװדאָכא האָט געבראַכט די מאכלים, װאָס זײ האָבן געהײסן צוגרײטן און יענע האָבן ערשט באַנײַס געגאָסן אין זיך אַלערלײ משקאות און געװאָרן אַלץ מער שיכור.

ערשט איצט האָט זיך אין זײ צעשפּילט די דײַטשע יוכע און זײ האָבן אָנגעהויבן פּײַניקן די אַלטע לײַט אויף אַלערלײ אופנים. דער קאַפּי-טאַן האָט אַרײַנגעשטעקט צװישן די פינגער א ברענענדיקן ציגאַרעט און דערלאַנגט דעם אַלטן זײַן האַנט. בײַ דעם ברי׳, האָט דער אַלטער געגעבן א יעכץ און די נאַצים זענען זיך פארגאַנגען אין געלעכטער, לױבנדיק זײער

עלטסטן פאר זיי אויפטו. צום סוף האָבן אַלע דריי, פּאַלנדיק פון די פיס, זיך צוגעשלעפּט צו זייערע געלעגערס און זענען אַוועקגעפאַלן ווי אונטער־געשניטענע.

דעמאָלט האָט דער אַלטער זעליק פאַרזיכטיק צונויפגעלייגט די מאַ־פּע פונעם טיש און זי אַריינגערוקט צו זיך הינטערן העמד. אַ ווײַלע האָט ער זיך געשושקעט מיט דער אַלטער יעוודאָכאַ און איז פאַרשוווּנדן אין דער פינצטערער נאַכט מיט וועלפישע נישט הערבאַרע טריט אין דער ריכ־טונג צום נאָענטן וואַלד.

דאָרט, אין וואַלד, האָבן די פּאַרטיזאַנער באַלד אָנגענומען מיטלען אַז דער וויכטיקער דאָקומענט זאָל ווי אַמשנעלסטן קומען אין שטאַב.

דער עלצטער, אַ פעסטער פויער אין די זעכציקער, האָט זיך געבעטן ביים אַלטן זעליק:

— גיי נישט צוריק, זיידעניו, אונדזעריקע וועלן אַ דאַנק דיר באַלד פאַרנעמען די געגנט, די דייטשוקעס וועלן דיך דערשיסן...

דער אַלטער זעליק האָט געשאָקלט מיט דעם ווייסן קאָפּ:

— אוממעגלעך פּעטראָ, די רוצחים וועלן צעשטיקלען די אַלטע יעוו־דאָכאַ, נעבעך, ווען זיי וועלן זיך כאַפּן אַז דער פּלאַן איז נישטאָ...

און מיט זיינע דריבנע טריט האָט ער זיך געלאָזט צוריק אין דאָרף.

אינדערפרי, ווען איינער פון די יונגע אָפיצירן האָט אויפגעוועקט דעם קאַפּיטאַן בירקע, האָט יענער, זיך אָנטועגדיק, געזוכט אין אַלע קעשענעס, געזוכט און זיך געזידלט. ער האָט גענישטערט אונטערן טיש, אין אַלע ווינקלען פון שטוב און שוין מלא רציחה, אַ געשריי געטון, אַזש די ווענט האָבן געציטערט:

— איוואַן!!!

דער אַלטער איז אַריינגעקומען מיט אַ תמעוואַטן פּנים, געמאַכט זיך שטאַרק איבערגעשראָקן און אַ פרעג געטון אין אוקראַיניש:

— וואָס וויל זיין הויכגעבורט?

קאַפּיטאַן בירקע און די צוויי לייטענאַנטן האָבן זיך נישט געקענט איינהאַלטן פון לאַכן, אָנקוקנדיק דעם אַלטנס לעקעשעוואַטן אויסזען: זיין קאָפּ אַרויסגעשטאַרצט, די נאָז אַ ביסל צונויפגעפּלעטשט, די ליפּן אויסגע־צויגן, שמאָל צוזאַמענגענומען די אויגן — אַיין שטיק נאַרישע פּראַגע, איז ער געשטאַנען און געוואַרט אויף ענטפער.

— ווו איז דער פּלאַן? — האָט דער קאַפּיטאַן געפרעגט אין אוקריי-ניש, — זאָג, שווײַן, איך קאַטעווע דיך!

— דער פּאַן? וועלכער פּאַן? אַלע דריי פּאַנעס זענען דאָך דאָ! — האָט דער אַלטער איבערגעפרעגט און געוואָרפן זײַנע נאַרישע באַלעבאָס פון איין דייטש אויפן צווייטן, גלייך ער זאָל זיי ציילן צי זיי זענען טאַקע פאַראַן אַלע דריי.

דער קאַפּיטאַן האָט אים געזעצט מיטן פויסט אין פּנים און אים גע-געבן צו פאַרשטיין וואָס ער מיינט. און ערשט איצט האָט דער אַלטער וויינענדיק זיך געכאַפּט:

— אהאַ! יענץ אַ פּאַפּיר מיט די פּאַסיקלעך און קעסטעלעך? ס'איז דאָך פאַרברענט געוואָרן אינאיינעם מיט נאָך פּאַפּירן און מיט מײַן טיש-טעך! אייער וואוילגעבוירן האָבן פאַרן שלאָפן געלאָזט אַ ברענענדיקן ציגאַרעט און ווען נישט מײַן יעוודאָכאַ וואָלט זיך אויפגעכאַפּט בײַנאַכט, וואָלט מײַן כאַטע פאַרברענט געוואָרן און מיר אינאיינעם מיט איר.

און באמת, אויף דער ערד איז געלעגן אַש פון פּאַפּיר, דער סערוועט איז געווען האַלב פאַרברענט און דער טיש שטאַרק אָפּגעסמאַליעט.

דער קאַפּיטאַן האָט דעם וויינענדיקן אַלטיטשקן נאָך איין זעץ דער-לאַנגט מיט דעם פּוס, אַזש יענער האָט זיך איבערגעקערט, און מיט זאָרג אַ זאָג געטון.

— כ'וועל מוזן צייכענען אַ צווייטן פּלאַן.

ער האָט ארויסגענומען צייכן-געצייג און זיך געזעצט צום טיש. באַלד אָבער האָט ער חרטה געקראָגן און האָט באַפוילן די צוויי יונגע אָפיציר-ן זיי זאָלן באַזוכן די אַלטע לייט.

ווי דערשטוינט זענען געוואָרן די נאַצים ווען זיי האָבן דערזען, אַז דער אַלטער איז געיידישט.

— אַך, דו, שורקע, שוויינישער יודע! — האָבן זיי אים געשלאָגן איבערן נאַקעטן לייב. — זאָג ווו איז דער דאָקומענט!

דער אַלטער זעליק האָט אַלץ תמעוואַטע געוויזן אויף די פאַרברענטע פּאַפּירלעך.

— הענגען דעם יודע! —

דערווייל איז די קאַנאָנאַדע געוואָרן אַלץ העפטיקער און נעענטער. בײַ יעדן טעמפּן „בום” האָט די ערד געציטערט אונטער די פיס און גע-

טרייסלט די כאַטע מיט אַלע צוזאַמען. געדאַכט האָט זיך, אַז אָט יועט די ערד צערייסן איר ווייסן אויבערפלאַך און איינשלינגען די נאַציס, די כאַטע און די תליה.

דער אַלטער זעליק האָט געשמייכלט בשעת די צוויי אָפּיצירן האָבן אים פאַרוואָרפן דעם שטריק. פון דעם הילכיקן שיסן האָט ער שוין נע־וואוסט, אַז די סאָלדאַטן פון זיין פּאַטערלאַנד האָבן די ליניע איבערגעריסן און... אַ שמייכלענדיקער, אויף דער תליה, האָט ער אַרויסגעשטעקט די נאַציס אַ בלויע גרויסע צונג.

# זיך געראַטעוועט

איז געווען אַ שטעטל מיט ווייניק ישוב מיט וואַלד אַרומגערינגלט. אין מיטן וואַלדישן פּלאַך האָבן זיך יידן באַזעצט און געראַדעוועט. גאַנץ פּרי פלעגן זיי זיך צעשיטן אין וואַלד און אומגעגנט, געזוכט, געגנישטערט און ביז נאַכט אין שטעטל אַריין יעדער צו זייניקע.

אָפּט פלעגן שטעטל מיט וואַלד חבריש, שכנותדיק לעבן: פלעג אין אַ לבנה-נאַכט דער וואַלד קרוין צו קרוין, בוים צו בוים צונויפרוקן, האָט זיך גערדאַכט דאַמאָלס אַז דאָס שטעטל איז אין זיין בוזים געלעגן און זיך צו זיין ברוסט געטוליעט, אין מאַמעס ברוסט נענטער זיך איינגעביסן: באַהאַלט מיך, מאַמעשי, פון נאַכטישע שאָטנס... און אַז אַ יינגל מיט אַ מיידל פלעגן שאָמעריש שפּאַצירן, דאָס יינגל האָט פון נישט רעדעוודיקייט מיטן שטעקעלע געדרייט, פלעגן יונגע צווייגלעך שמייכלען אין פינצטערניש אַריין און בסוד־סודות דערציילן דעם נאַכט-זינגער: אוי, איז ער אַ שטאַמפּ, דער בהור, אַ נאַריש מיידל וואָס שפּאַצירט מיט אים...

איז געקומען אַ זומער־שבת, אַ הייסער, איז קינד און קייט אין וואַלד אַרויס. און אַ הו־האַ האָט זיך געטראָגן פון איין עק וואַלד צום צווייטן און דאַכטן פלעגט זיך, אַז די ביימער טאַנצן מיט און העלפן קליינוואַרג אין באַהעלטעניש שפּילן. אַזוי האָבן שכנים הנאה געהאַט פון גאָטס וועלט.

צייטנווייז פלעגן זיך שכנים קריגן ניט מיר ניט דיר, אַ ווינט אָנגעלאָפן פון ערגעץ-ווו און געריצט, געבייזערט דעם ווילדן וואַלד. און דאַמאָלס האָט אויסגעוויזן אַז דער ריזיקער שכן וויל כוואַליעסווייז דערטרינקען די איינגעהויקערטע קופּקע שטיבלעך, ביז דער ברייט-קעפּיקער קפדן איז שטיל געוואָרן.

אַזוי זיינען אַוועק יאָרן.

אַ זומער איז דאַמאָלס אויסגעפּאַלן אַ שרעקלעכער, אַ הייסער, אַ פייער-דורשטיקע זון האָט אָן רחמנות געשיקט גאַנצע חילות פייער־שטראַלן אויף ערד און איינוווינער. פאַרנאַכט אַ באַטראַכט געטון מיט רויטן צאָרן אירע קרבנות און אויף מאָרגן ווידער געבראָטן. האָט אַ גסיסה־גרעזל אויסגעשטרעקט דאָס צינגל גלייך צום הימל: מאַמע, כ׳שטאַרב אַ טרונק... און זיך מיט שטויב געוואָרגן.

איז געקומען אַ ייִד, אַן אָרעמאַן פון ישוב צו ישוב און זיך שוויים פון פּנים געווישט: נו, נו, אַ טאָג, שוין לאַנג ווי כ׳געדענק ניט אַזוינעם... און פּלוצים זיך אויסגעצויגן מיט אַ שוים אויפן מויל. ליגט און קוקט מיט טויטע אויגן גלייך צו זיין מלאך-המות, וואָס מאַכט זיך פון אים אַ קליינעם צימעס.

ליגט ער אַזוי אַרומגערינגלט מיט צוואַנציק יאָר גיין איבער די הייזער און מיט הונדערט קערבלעך אין שמאַטעס איינגעניית, גלייך זיין אַלטע בתולה חתונה צו מאַכן. און קעגן אים, פון אָנהייב צווייטער ווייטקייט, האָט זיך שוין וואַלד אַ תמ׳עוואַטער, באָרדעוואַטער אַרויסגעזען, גלייך ס׳זאָל אין אים קיין סימן פון שטעטל ניט זיין. ר׳האָט זיינע היובניקעס און וועט בשום אופן קיין ברענענדיקע שטראַלן ניט צולאָזן.

און שטעטל האָט זיך געקוויקט: אַ, אַ, אַ חיות אין וואַלד. דאָרט אין שטעטלעך אַרום ווערן מענטשן פאַרברענט פון היץ און ביי אונדז — אַזאַ וואַלדישע קילקייט, אַזאַ שאָטנדיקע רחבות!

און חיה, די אַלטע מויד מיט די גראָבע פיס, שלמה פופלאַקס טאָכטער, איז געזעסן ביי הערשל מלמד אין עק שטעטל, הערנדיק דעם בריוו לייענען פון איר טאַטע וואָס גייט אום אין די הייזער. זי האָט געקוקט מיט אירע נאַרישע אויגן, גלייך אין די בוימער, געמיינט אָט־אָט וועט זיך באַווייזן אויף שמאָלער וואַלדישער סטעזשקע דאָס האָריקע פּנים פון איר טאַטן, וואָס האָט שוין הונדערט קערבלעך זי חתונה צו מאַכן.

דאָס שטעטל האָט איר באַשיצער געגלויבט, מיטן גאַנצן גוף אין וואַלדישן פאַרטוך זיך איינגעוויקלט און אין היימישער לבנה־נאַכט געבאָדן. קיינער האָט ניט חושד געווען די קלוגע וואַלד-מייז מיט זייער לויפן פון אָרט צו אָרט, אַז דאָס טראָגן זיי אין זיך אַ סוד פון טויט-שרעק. אַ האָז איז פון טיף וואַלדעניש גלייך צום שטעטל געקומען צולויפן, אויסגעשטרעקט צוויי טרויסישע אויגן, ווי ער זאָל זאָגן: גוואַלד, גזלנים, וואָס וואַרט איר? און צוריק אַוועק. אַוועק דורך געדיכטמעניש צו פעלד צו.

אין אוויר האָט זיך אַ ריח פון סמאָלע געטראָגן. יידן האָבן וועטשערע אָפּגעגעסן, אַ צי מיט דער נאָז געטון: מלכה, ס'פּילט זיך סמאָלענע, אַ קוק געטון אויפן בוידעם, אין קוימען, און געגאַנגען שלאָפן.

ארום האַלבע נאַכט האָט זיך עס אָנגעהויבן. ווען יאָסל מעלים מויד האָט מיט משה הורטאָווניקס בחור שפּאַצירט און, ווי אין די גרויסע ראָמאַנען, געשפּילט אַ ליבע, האָבן זיי אַ טראַסקען אין וואַלד דערהערט, גלייך מ'זאָל דעם גבור די ביינער ברעכן אינמיטן נאַכט, און נאָך דעם — רויטע צינגען, גאַנצע זיילן פייער האָבן זיך געדרייט איינס אין צווייטן.

צוערשט האָט ער זיך דערשראָקן פאַרן טאַטן און געכאַפּט לויפן. דערנאָך זיך צוריקגעקערט, אָנגענומען זיין באַגלייטערין ביי דער האַנט און איבערן שטעטל געשריגן: געוואַלד, געוואַלד!...

ווי גזלנים זענען צונגען פייער אָנגעפאַלן אויף בוימער, זיך געדרייט ארום ווי שלענג, געוואָרגן און ארומגעפרעסן. דער וואַלד האָט זיך געוואָרפן מיט אַלע אברים. פייער האָט זיינס געטון.

יידן אין גאַטיעס, פאַרשלאָפענע, דערשראָקענע, האָבן אויף גיך טירן געעפנט, אַ קוק געטון אינדרויסן, דערזען און צוריק אין שטוב: „חנה, געוואַלד, דער וואַלד ברענט!". פעסעניו די קוויטשערין האָט זיך באַלד געלאָזט הערן איבערן גאַנצן שטעטל: „גאָטעניו, גיב אַ זליווע". יידן, יידענעס, מיט קינדער אויף די הענט זענען געלאָפן ווי פאַרסמטע מייז, זוכן אַ ווינקל וואַלד, ווי ארום צו אַנטלויפן, און לויפנדיק געשריגן. און געדאַכט האָט זיך, אַז אַן אָפּגרונט קריכט אויף די שרייענדע פון אַלע זייטן, מיט טויזנט אָפענע פייערמיילער, און זיי לויפן פון מויל צו מויל: גרויסער גאָט, טייל אָפּ פון דיר אַ צופעליקייט און גיס אויס אַ רעגן איבערן פייער, ווער ווייסט, אפשר גראָדע איז באַשערט שטעטל מיט באַשעפענישן זאָלן לויפן, שרייען און מיט פייער אומקומען? און שטיקנדער רויך מיט בייזע פונקען זענען שוין איבערן שטעטל געשוווּמען, שטוב נאָך שטוב אַ לעק געטון און אָנגעצונדן. פייער האָט שוין אייניקע בערדעוואַטע ברואים אָנגעכאַפּט און געטאַנצט מיט זיי האָפּ-האָפּ, אַ טויט-טענצל, ביז זיי אין טויטס רשות אַיבערגעגעבן. דאָרט אין צווייטן עק אפילו ברענט שוין הערשל מלמדס שטוב, מיט די פון אינעווייניק פאַרשלאָסענע קולות. ביז רויך האָט זיי די מיילער פאַרשטופּט.

איין היה, די אַלטע מויד, רייסט זיך דורכן פענצטער. נישט חיה איז עס געווען, נאָר אַ מויד וואָס רייסט זיך צו איר טאַטן, וואָס גייט אין די

הייזער, זי חתונה מאכן, און סוף-כל־סוף זיך אַרויסגעריסן. אַ שטיק ברע־נענדיקע מויד. מיטאַמאָל האָט זי זיך דערמאָנט אין נאָענטן ברונעם און ליופנדיק, זיך אין אים אַריינגעוואָרפן.

נעבראָטן מענטשן-פלייש האָט זיך געפילט אין וואַלד און דיווילדע קולות זענען שוין לאַנג פאַרשטומט געוואָרן.

צו-טאָג האָט אַ גראָבער רעגן געבליאַסקעט אויף פלאַמענדיקע בוימע־, גלייך ער זאָל זאָגן: „געגנוג געהוליעט!". אַן אָפּגעברענט, אָפּגעסמאַלעט בנים־באַשעפעניש האָט זיך אַרויסגעדראַפּעט צום באַגינען פון הינטערן מלמדס ברונעם און מיט ווילדע אויגן, ווי צוויי לעכער, און מיט אַ פּנים, ווי אַ פּענכער, זיך געלאָזט אין רויכערנדיקן וואַלד, צו פעלד צו...

וואַלד האָט מיט האַלאָוועשקע־טרערן געוויינט אויף זיין חורבן. און חיה האָט שוין מיט ברייטע טריט געשפּאַנט איבערן פייכטן וועג וואָס פירט צום נאָענטן שטעטל.

און ווען ראָזע זון האָט זיך גערוקט שוין מילדער אַרויף, אַרויף, גלייך זי זאָל זאָגן: „אָבער אָנגעשמיסן אייך!" איז חיה די אַלטע מויד, מיטן אָפּגעשרפטן פּרצוף, געזעסן איבער אַ פאַרדעוועטן בר-מנן, וואָס איז גע־לעגן אין מיטן וועג, געריסן מיט די ציין שטיקלעך שמאַטעס און אַלטע אסיגנאַציעס, זינגענדיק אָדער וויינענדיק מיט אַן איכה-ניגון: טאַטע־חתן, טאַטע־חתן, טאַטע-חתן!... און ער, דער טאַטע איז געלעגן און שטום גע־קוקט גלייך צו דער זון, ווי ער זאָל זי הערי ווי דעם קאָטער.

# ממעמקים

דאָן סאַלאָמאָן גוטקין האָט זיך האַלב שלעפעריק אויפגעהויבן פונעם שטול. מיד פון אַ טאָג שווערן אַרומשמייען מיט זיין וועגעלע איבער נאָענטע און ווייטע בוענאָס איירעסער גאַסן, צעטיילנדיק פלעשער בוימל זיינע קליענטקעס, פלעגט ער אָוונט-צייט ערשט, נאָכן עסן, לייענען די צייטונג. ער פלעגט קוים איבערלייענען די טעלעגראַמעס, אַ קוק טון אין די געזעלשאַפטלכע נייעסן און די מידקייט און שלעפעריקייט פלעגן שוין באַהערשן זיין קערפּער, אים דערמאָנען אָן וואַרעמען אָנגענעמען בעט, וואָס וואַרט אויף אים אין צווייטן צימער.

לעצטנס, ווען פון זיין היים, ליטע, ביי פּוילן, זענען אָנגעקומען אַלץ מער און מער חושכדיקע ידיעות וועגן יידן, זיכערע און קאָנקרעטע באַוויזן פון דער מאַסן־אויסראָטונג, פלעגט זיך אים דוכטן, אַז פון יעדן קאָלום אינעם בלאַט לויערט אויף אים אַ שלעכטע בשורה, אַז פון די ידיעות אפיר וועט ער ווען עס איז דערזען אַזאַ שרעק, וואָס וועט אים פאַרפינצטערן דאָס גאַנצע לעבן. ער פלעגט אַ גאַנצן טאָג מיט פּחד וואַרטן אויפן מאָמענט פון לייענען דאָס בלאַט און ערשט נאָכדעם אויף גיך איבערקיקן אַלע ידיעות און זען, אַז פאַר אים איז קיין ספּעציעלע נייעס ניטאָ, פלעגט ער זיך ערשט באַרואיקן און געמיטלעך לייענען ווייטער ביז דער שלאָף דאָט אים באַהערשט.

ווי אַלע נאַכט האָט דאָן סאַלאָמאָן געגעצנדיק באַטראַכט נאָכאַמאָל צי די דרויסן - טיר איז גוט פאַרשלאָסן, צי די אינעווייניקסטע טיר איז שטאַרק פאַרריגלט און צי די שטאָרן פונעם בוימל-סקלאַד זענען צוגעפּעבטיקט און איז אַריין אין שלאָף־צימער.

אין איין בעט, אָפּגעטיילט מיט אַ שפּאַניש װענטל, זענען געשלאָפן זײַנע צוויי זין, דער 16־יאָריקער כאָסע מיט זיין קלענערן ברודערל, דעם 7־יעריקן כאַימיטאָ. דער קלײנער האָט גערעדט פון שלאָף, זיך געקריגט מיט זײַנע חברים איבער פוטבאָל, געדריגעט מיט די פיסלעך און אַראָפּגעװאָרפן די קאָלדרע פונעם בעט. דאָן סאַלאָמאָן האָט מיט די שפּיץ פינגער אויפגע־הויבן די קאָלדרע און צוגעדעקט די קינדער און שטיל זיך אַרײַנגערוקט אין בעט, ניט איבערצוװעקן זײַן פרוי, זיין קלאַריטאַ.

גיך איז ער שװער אײַנגעשלאָפן, װי תמיד נאָך אַזאַ טאָג מי. אײַנ־געשלאָפן שטאַרק און געשמאַק. ס'איז ניט אַװעק קײן שעה און דאָן כאַ־יאָמאָן האָט זיך אויפגעכאַפּט, צעטומלט געדרייט דעם קאָפּ אין אַלע זייטן און זיך געחידושט: ער האָט קלאָר געהערט אין שלאָף װי עמיצער רופט אים בײַם נאָמען, אָט װי מען פלעגט אים הײמיש רופן אין דער הײם: סליאָמקע, מיט דער װײַכער שין. אָט טאַקע אַזוי האָט אים עפּעס אַ קול איבערגערופן אין שלאָף: סליאָמקע, א, סליאָמקע!

ער קען זיך נאָר ניט דערמאָנען װעמעס דאָס קול איז, אויף װעמענס פון זײַנע קרובים דאָס קול איז ענלעך. אומרואיק און דענערװירט, דרייט ער דעם קאָפּ אַהין און צוריק. ער זעט זײַנע קינדער שלאָפן, זײַן פרוי בלאָזט בײַם אויסאָטעמען מיט אַ דין פײַפעלע, װי איר שטײגער, אין געשמאַקן שלאָף. דאָן סאַלאָמאָן זידלט זיך גוט אויס פאַר זײַנע נערװן און װערט באַלד צוריק אײַנגעשלאָפן.

װי לאַנג ער איז געשלאָפן דאָס צװײטע מאָל האָט דאָן סאַלאָמאָן ניט געדענקט. אויפגעכאַפּט האָט ער זיך װידער דערהערנדיק דײַטלעך דאָס קול. נאָכמער, שוין אויף דער װאַך, האָט ער נאָך געהערט װי דאָס צאַרטע קול בעט זיך כמעט בײַ אים:

— סליאָמקע, א, סליאָמקע!

ניט ער װײס װער דאָס קול איז און װאָס דאָס װיל פון אים. האָט ער זיך שטיל אויפגעהויבן פונעם בעט, געװאָלט אויפװעקן זײַנע בני־בית, נאָר באַלד זיך דערשראָקן פאַר דעם געדאַנק: ס'אַראַ צערודערונג דאָס װאָלט אָנגעמאַכט! די קינדער װאָלטן זיך דערשראָקן... זײַן װײַב, װי איר טבע איז, װאָלט געחלשט... נאָך אַ מערכה, ער האָט זיך באַצײַטנס געכאַפּט און זיך אָפּגעהאַלטן פון דער נאַרישקייט...

שוין שטאַרק דענערווירט און דערשראָקן, האָט דאָן סאַלאָמאָן דאָך זיך אָנגעטאָן, שאַ, שטיל, צוערשט אין די שטעק־שיך, אַרײַן אינעם עס־צימער, דאָרט אויפגעדרייט די עלעקטריע, פון דאָרט אַרײַן אינעם פאָרער־הויז, אינעם סקלאַד, ליכטיק געמאַכט. אומעטום איז גוט פאַרמאַכט און פאַרשלאָסן. אומעטום הערשט די שווערע נאַכט־שטילקייט און ער הערט זיך איין. פון אַלע ווינקלען דערוואַרט ער דעם צאַרטן בעטנדיקן רוף:

— סליאָמקע, אַ, סליאָמקע!

אויפן וואַנט־זייגער אינעם עס־צימער האָט דאָן סאַלאָמאָן געזען, אַז ס'איז ערשט האַלב איינס, ער האָט נאָך, הייסט עס, אַ גאַנצע האַלבע נאַכט באַרויס. האָט ער זיך געשטאַרקט, ווידער זיך גוט אויסגעזידלט און רעדנדיק צו זיך אַליין, געזאָגט, אַז אויב ער וועט זיך נישט נעמען אין די הענט אַרײַן, וועט מען אים נעמען אין משוגעים־הויז, אין וויעיטעס, וואָרום שוין אַליין דאָס הערן קולות ביינאַכט איז אַ משוגעת.

איבערן לייב זענען אים אַלע ווײַלע אַריבער מוראַשקעס פון שווידער און שרעק, כאָטש מיט דעם געדאַנק האָט ער אַליין צו נישט געמאַכט. דאָך האָט ער געלאָזט ברענען אַלע לעמפּלעך און צוריק זיך אַרײַנגערוקט אין בעט. מיט דעם באַשלוס נישט אײַנצושלאָפן ביז טאָג, האָט ער אין געדאַנק איבערגערעכנט אַלע חובות פון די קליענטקעס, אַלע וויכטיקע געשעענישן פון דער לעצטער צייט און אפילו געפּרוּווט שפּילן אַ פּאַרטיע שאַך אויף אויסנווייניק.

זיין גוף איז ווידער באַהערשט געוואָרן פון מידקייט און זיינע אויגן־לעדנדלעך האָבן זיך פון זיך געשלאָסן. דאָס מאָל האָט ער זיך שוין אויפגעכאַפּט מיט אַ געשריי. ער האָט אינגאַנצן געציטערט ווי אין פיבער און זיין לייב איז געווען באַדעקט מיט אַ קאַלטן שווייס. ס'איז שוין ביי אים גאָר קיין ספק נישט, אַז אין צימער האָט אים עמעצער געוועקט און צערט־לעך אים גערופן ביים נאָמען. ער האָט זיך נישט געקענט דערמאָנען צי איז דאָס קול געווען פון זיין מוטער צי פון זיין שוועסטער, צי גאָר פון זיי ביידן, נאָר דאָס קול איז געווען אין שטוב און האָט אים געוועקט און גע־מאָנט, געצערטלט און אײַנצייטיק געפאָדערט. וואָס? דאָס האָט דאָן סאַ־לאָמאָן נישט געוווּסט, דאָס האָט ער נישט געקאָנט וויסן. וואָלט ער אויף זיכער דערגאַנגען וואָס דאָס קול פאָדערט, וואָלט ער אויסגעפילט דעם ווילן

פון דעם אומזעבאַרן רוף. נאָר, געהערט האָט ער בלויז דאָס צאַרטע געבעט: — סליאָמקע, אַ, סליאָמקע!!!

אויף זײַן געשריי האָט זיך אויפגעכאַפּט דאָניאַ קלאַראַ. זי האָט שלעפעריק אַ פרעג געטון וואָס מיט אים איז, געמיינט ס'איז אַ געשריי וואָס טרעפט זיך אַמאָל בײַ מענטשן בשעת אַ שווערן חלום, און זיך איבערגעדרייט אויף דער צווייטער זײַט באַנייס צו שלאָפן. דאָן סאַלאָמאָן האָט זי אָבער אַ שטילן רוף געטון:

— קלאַראַ, קלאַריטאַ!

דערהערט דעם שטילן, נאָר אָנגעסטלעכן רוף, האָט זײַן ווייב זיך האַסטיק אומגעדרייט צו אים און אומרואיק געפרעגט:

— וואָס איז דיר, סאַלאָמאָן? ביסט נישט געזונט?

דערפילט דאָס ציטערן פון זײַן לײַב, האָט זי צוגערירט אירע ליפּן צו זײַן שטערן, צי האָט ער נישט קיין פיבער. דאָן סאַלאָמאָן האָט ניט געוווּסט וואָס צו ענטפערן זײַן פרוי, ער האָט זיך פּשוט געשעמט צו דערציילן, וואָס אים האָט פּאַסירט און גענומען באַלבען מיט דער צונג:

— כ'האָב מיך שטאַרק איבערגעשראָקן, געהערט עפּעס אַ קול אין צימער, דאַכט זיך מ'האָט מיך גערופן...

זײַן ווייב האָט אויסגעבייטלט חלומות, אים אויסגעלאַכט און אַזוי האָבן זיי שוין געבאַלאַקעט ביזן פרימאָרגן, ווען דאָן סאַלאָמאָן האָט שוין באַדאַרפט גיין געבן עסן דעם פערד און בכלל זיך אײַנשפּאַנען אין דיזער טאָג־טעגלעכער אַרבעט.

דעם גאַנצן טאָג איז דאָן סאַלאָמאָן געווען צוטראָגן, ער האָט כמעט ניט געגעסן און טראָגנדיק פון שטוב צו שטוב די פלעשער בוימל, האָט ער נאָר געהערט:

— קען לע פּאַסאַ, דאָן סאַלאָמאָן, עסטאַ טאַן פּאַלידאָ!...

דאָן סאַלאָמאָן האָט יעדן געענטפערט אונטער דער נאָז:

— עט, גאָרנישט, גלאַט אַזוי...

ערשט רעכט געשראָקן האָט ער זיך ווען די ווינטערדיקע נאַכט איז צוגעפאַלן און ער האָט אויסגעשפּאַנט דאָס פערד און זיך געלאָזט צו זיך אין שטוב. דאָס דאַרפן גיין שלאָפן האָט אים געמאַטערט און געוואָרפן ווי אין אַ קדחת. ער האָט רק געהערט דעם רוף פון דעם מיסטעריעזן קול:

— סליאָמקע, אַ, סליאָמקע!

זיין פרוי האָט אים שוין דאָסמאָל נישט געלאָזט אליין זיצן שפּעט אין אָוונט. זי איז געזעסן מיט אים און גערעדט, געמאַכט דעם גאַנצן ענין צו גאָרנישט:

— וואָס אַ מענטש קען זיך דוכטן, מסתמא אַ חלום אַ נארישער, און מ'טאָר זיך נישט לאָזן מיטרייסן פון נערוון, האַלוציִנאַציִעס...

זי האָט אים ליבלעך געמוסרט וואָס ער אַרבעט אַזוי פיל, איבער די בוחות, דערפאַר איז ער אַזוי אָפּגעשוואַכט און די נערוון זענען אים צע־טרענצלט. אומבאַדינגט זאָל ער זיך דעריבער נאָכזוכן עפּעס אַ יינגל, אַ געהילף צו דער אַרבעט, און טאַקע מאָרגן באַלד, אַז ניט, ווער וויים חלילה.

דעם אָוונט האָט דאָן סאַלאָמאָן גאָר די ציַיטונג ניט געלייענט. אים האָט זיך געדוכט, אַז ווי נאָר ער וועט נעמען די ציַיטונג אין האַנט, אַזוי וועט פון דער ציַיטונג אַפיר, פון די אותיות אַרויסשפּרינגען דער מיסטער־יעזער רוף: סליאָמקע, אַ, סליאָמקע!

דאָניאַ קלאַראַ האָט אים געפירט אין שלאָפצימער געאָרעמט, ווי מען פירט אַ קראַנק קינד, האָט אים געצערטלט און געקושט, געגלאַשטשעט און אויסגערעדט. זי האָט זיך געוויצלט:

— אפשר איז דאָס קול פון אַ יונגער שיינער פרוי, וועט זי אייפער־זיכטיק ווערן.

און דאָן סאַלאָמאָן, דאָס לענגלעכע פּנים אויסגעצויגן, די אויגן טרויע־ריק אויסגעגלאָצט און פול מיט מרה־שחורה, זאָגט איר נאָך:

— ווער וויים, אפשר גאָר פון אַ יונגער, שיינער פרוי!...

אַ צייט האָבן זיי געבאַלאַקעט פון דעם און פון יענעם און ווען דאָניאַ קלאַראַ האָט זיך איבערצייגט, אַז איר מאַן שלאָפט געשמאַק און שנאָרכט אונטער ווי תמיד, האָט זי זיך געלאָזט פאַרזינקען אין אַ טיפן געגאַרטן שלאָף.

און ווידער איז געשען דאָס זעלבע. האַלבע נאַכט האָט דאָן סאַלאָמאָן זיך אויפגעכאַפּט דערשראָקן, צעטומלט געזוכט ווער דאָס האָט אים גע־וועקט און שוין אַ דערוואַכטער געהערט דעם אויסטערלישן בעטנדיקן רוף.

איז האָט זיך אים געדאַכט דער רוף קומט פון קעגנאיבער אינעם עסצימער און אָט קומט ער גאָר פון צוקאָפּנס, נאָר קלאָר און דייטלעך בעט זיך דאָס:

— סליאָמקע, אָ, סליאָמקע!

ער האָט זיך אויפגעזעצט אין בעט, זיך איינגעוויקלט אין אַ דינער קאָלדרע און אַזוי איז ער אָפּגעזעסן אַ גאַנצע נאַכט. געזעסן איז ער ווי אַן אויטאָמאַט, זיינע געדאַנקען און זיין ווילן פּאַראַליזירט פון שרעק. ווען דער שלאָף האָט אים געמאַטערט, האָט ער זיך געשאָקלט, געשאָקלט ביז דער קאָפּ האָט זיך אָנגעשלאָגן אין אייזערנעם זוים פון בעט, און איז ווידער געזעסן.

אינדערפרי, ווען דאָניאַ קלאַראַ האָט זיך דערוווּסט, אַז איר מאַנס האַלוצינאַציע האָט זיך איבערגעחזרט, האָט זי שוין מער נישט געלאַכט, שוין ניט געשפּאַסט פון אים, נאָר געבעטן קומען אַהיים מיטיקן צוזאַמען. און נאָכמיטיק האָט דאָניאַ קלאַראַ זיך אויסגעפּוצט, געבעטן דאָן סאַלאָמאָנען ער זאָל זיך אויך איבערטון און אים אַוועקגעפירט צו אירן אַ קרוב, אַ נערוון־ספּעציאַליסט, דאָקטער שיינעס, ווי ער האָט זיך גערופן.

דער דאָקטער האָט אַלץ אויסגעהערט, זיך אריינגעשמייכלט אין די קליינע וואָנצעלעך און אויסגעפּאָרשט דאָן סאַלאָמאָנס יעדן אבר. ער האָט אים געקלאַפּט אין די קניען, געפּרוּווט דעם קאָפּ מיט אַ מין עלעקטרישן אַפּאַראַט און האָט אויסגעפונען, אַז דאָן סאַלאָמאָן איז געזונט, אַן אייזן, אַז דאָס איז נאָר אַן איינרעדעניש. ווי פאַר אַ קרוב, האָט ער אים פאַרשריבן דרייערליי רעצעפּטן און, ווי ביי אַ קרוב, גענומען ביי אים נאָר 10 פּעזעס און געהייסן קומען אין אַכט טעג אַרום.

דאָן סאַלאָמאָן האָט געשלונגען די דריי רעצעפּטן. אַלע זענען זיי געווען שטאַרק ביטער און געזאַלצן. ס׳האָט אים, פון זיי, אַרויסגעטריבן די קישקעס. אַלע ווייַלע האָט ער געמוזט בעטן ביי אַן אַנדער קליענטקע דערלויבעניש צום קלאָזעט און די קליענטקעס האָבן נישט אויפגעהערט זיך חידושן און פאַרשן.

— וואָס איז אייך, דאָן סאַלאָמאָן? אַזוי בלייך, אַזוי בלייך!

און באמת, פאַר די פאָר טעג און שלאָפלאָזע נעכט איז ער דאַר

געוואָרן, זיין פּנים אָן איין טראָפּן בלוט, זיינע אויגן רויט, ניט אויסגעשלאָפן. דאָן סאַלאָמאָן האָט זיך דערמאָנט: ערגעץ ווו אין דער גמרא זאָגט זיך: ווען דיך באַפאַלט אַ בּלוציזמדיקע קרענק, אַן אָנשיקעניש, שעם זיך נישט, נייערט דערצייל אויף רעכטס און לינקס... און דאָן סאַלאָמאָן האָט זיך אויפגעהערט שעמען. אין יעדער שטוב, יעדן קליענט, האָט ער דערציילט וואָס מיט אים פּאַסירט, דאָס געשפּענסטיקע קול וואָס לאָזט אים ניט רוען. טייל האָבן געשאָקלט מיט די קעפּ, זיך געחידושט, גלויביקע האָבן זיך געצלמט, גע'עצהט פון דער שטוב זיך אַרויסציען. אַלע האָבן אים באַדויערט:

— פּאָברע דאָן סאַלאָמאָן!

אויפן פערטן טאָג, שבת, ווען ער פירט פּאַנאַנדער זיינע פלעשער בוימל אויסער דער שטאָט, אין נוניעז, איז אים אויסגעקומען אַריינצוגיין צו דאָן נעמעסיאָ קאַראַבאַכאַל. דאָן נעמעסיאָ איז אַ גוטמוטיקער מעסטיסאָ פון לאַ ריאָכאַ. ער אַרבעט אַלס אַגענט פון דער גרעסטער זיסוואַרג־פאַבריק. אַ גוטער פאַרדינער, נאָר אַ בעל-מטופּל פון אַ גרויסער פאַמיליע, מיט אַ קליינעם חשק צו דער אַרבעט. אָפטמאָל קלעקט אים ניט זיין גרויס פאַרדינסט צו דערשטופּעווען דעם חודש און ער לייט-צו ווו נאָר עס לאָזט זיך אַ פּאָר פּעזעס, אפילו ביי דאָן סאַלאָמאָנען. שבת, ווען דאָן סאַלאָמאָן ברענגט אים בוימל, אַרבעט ער ניט, פאָרט ניט אַרויס באַאַרבעטן זיין ראַיאָן אויף דער פּראָווינץ, נאָר כאַפּט זיך אַריין אינעם געגנטלעכן ביוראָ פון זיין פאַבריק אויף אַ האַלבער שעה, אָפּגעבן חשבונות. דאָן נעמעסיאָ פירט דעמאָלט שמועסן מיט דאָן סאַלאָמאָנען, זיי זענען גוטע פריינט.

דאָן נעמעסיאָ האָט אים כמעט נישט דערקענט. אַזוי פאַרענדערט איז געוואָרן דאָן סאַלאָמאָן פאַר די לעצטע אַכט טעג וואָס ער האָט אים ניט געזען. דאָן סאַלאָמאָן האָט אים אויסדערציילט מיט אַלע פּרטים וואָס מיט אים קומט פאָר, אפילו פונעם דאָקטער מיט זיינע רפואות, וואָס מאַכן אים נאָר קאַליע דעם מאָגן, און האָט צוגעגעבן מיט אַ וויטיקלעכן שפּאַס:

— וואָלט דער דאָקטער די רפואות איינגעגעבן דעם געשפּענסט, וואָלט מיר אוודאי גרינגער געוואָרן, נאָר מיר העלפן זיי גאָרנישט.

דאָן נעמעסיאָ האָט זיך אַ ווײַלע פאַרטראַכט און באַלד חבר'יש אַרויפגעלייגט זיין האַנט אויף סאַלאָמאָנס אַקסל:

— פיר אהיים דיין פערד און וועגעלע, טו זיך איבער און קום, וועלן מיר ערגעץ צופאָרן מיט מיין אויטאָ.

דאַן סאַלאָמאָן האָט געוואָלט פרעגן, געוויר ווערן צו וועמען און וואוהין פאָרן, נאָר דאָן נעמעסיאָ האָט אויף אַלץ געהאַט איין ענטפער:

— וואָס-זשע, האָסט מורא פאַר מיר? איך בין, דאכט זיך, נישט קיין גזלן און אין וואַלד וועל איך דיך נישט פאַרפירן! — און צוגעגעבן האָט ער: — ברענג מיט זיך אַ קילאָ זשערבע, אַ קילאָ צוקער און אַ פּאָר פלעשער פונעם בוימל פאַר אַ מתנה, נישט מער!

ווען דאָן סאַלאָמאָן איז צוריקגעקומען איז שוין דאָן נעמעסיאָ גרייט געווען מיט זיין אויטאָ צום פאָרן.

לאַנג האָט דער קרעאָל געטריבן זיין אויטאָ אויסער דער שטאָט אין דער ריכטונג צו מערב, ביז ער האָט זיך פאַרנומען מיט אַ שמאָלער צע-גראָבענער סטעזשקע און נאָך צוויי מייל שלעפּן זיך האָט ער אים צוגע-פירט צו אַן אָרעמען פאַרוואָרפענעם ראַנטשאָ.

דערזעענדיק דעם אויטאָ, איז זיי אַרויסגעקומען אַקעגן אַן אַלטער קרעאָל מיט אַ מחנה פאַרשיידענע הינט. דאָן נעמעסיאָ האָט זיך מיט דעם אַלטן געגריסט ווי גאָר נאָענטע באַקאַנטע און האָט אים אין אויער ארייג-זעשעפּטשעט אַ פּאָר ווערטער. יענער האָט אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ אויף יאָ און האָט אָנגענומען דאָן סאַלאָמאָנען ביי דער האַנט, ווי מען נעמט אָן אַן איינגן קינד, האָט אים ליבלעך באַטראַכט מיט זיינע מאַנדל-אויגן און אויס-זינגענדיק, אויפן שטייגער פון צפון-לייט אים אריינגעבעטן:

— קום, זונעניו, אין ראַנטשאָ, וועלן מיר זופּן אַ מאַטע און דו וועסט מיר דיין האַרצעלע אויסדערציילן...

זיי זענען אריין אין ראַנטשאָ. דער אַלטער האָט זיך אוועקגעזעצט אויף אַ קליין נידעריק בענקעלע, האָט צונויפגעצויגן זיינע אַזוי אויך שמאָלע אויגן און צודרינגלעך געקוקט אויף זיין נייעם באַזוכער. געדאַכט האָט זיך, ער וויל אַליין אַרויסלייענען אַלץ ביי אים פונעם פּנים.

אַ יונגע קרעאָלקע האָט אריינגעשטעקט דעם קאָפּ אין טיר און אַ פרעג געטון:

— וויל דער טאַטאַ אַ מאַטע?

דער אַלטער האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף יאָ און צוגעגעבן:

— טו אריין אַ פּאָר בלעטלעך קאַקאַאָ אין דער מאַטע און ברענג דעם גאַסט די „נארישע!".

נאָך דער ערשטער מאַטע, האָט ער אַ זאָג געטון:

— איצט, מיין זון, דערצייל אַלץ וואָס מיט דיר האָט פּאַסירט!

דאָן סאַלאָמאָן האָט דערציילט פּינקטלעך פון דער ערשטער נאַכט און פון אַלע איבעריקע, ווי אַזוי דאָס קול רעדט און ניט נאָר די צוויי ווערטער, נאָר רופט אים צערטלעך און חזרט איבער זיין נאָמען צוויי מאָל.

דער אַלטער האָט צעעפנט זיינע אויגן ווי ווייט אים איז מעגלעך געווען און רק געפירט מיט זיין בליק איבער דעם דערציילער. דאָן סאַלאָמאָן האָט זיך געפילט זייער היימיש פון יענעמס ליבלעכן באַטראַכטן. אים האָט זיך געדאַכט, אַז דער אַלטער גלעט אים און צערטלט אים מיט זיין בליק אָדער באַפעלט אים עפּעס פּאַטערלעך שטרענג צו פאָלגן. און ער וואָלט אים געפאָלגט. זאָל דער אַלטער נאָר עפּעס באַפעלן און דאָן סאַלאָמאָן וועט אים די מינוט פאָלגן, ביז מסירת נפש. ער איז אים געוואָרן טייער און נאָענט און יענער האָט לאַנג געשוויגן און רק דורכגענומען דעם גאַסט מיט זיינע שמאָלע קוקערס. לסוף האָט ער ארויסגעזונגען אויף זיין צפונדיקן דיאַלעקט:

— אַ קול פון אַ שוועסטער, האָסטו געזאָגט, אָדער גאָר פון דיין מוטער ?... און וואָס ווייסטו פון דיינע אייגענע ביז איצט ? דערצייל פּאַמעלעך, כאַפּ זיך נישט, מיר האָבן צייט גענוג !...

דאָן סאַלאָמאָן האָט דערציילט באריכות וועגן לעבן פון יידן אין ליטע און פּוילן, די מאַניע פון דעם משוגענעם וועלט-הענקער, וואָס האָט זיך איינגערעדט, אַז יידן זענען שולדיק אין אַלע אומגליקן, ווי אַזוי ער ראָט אויס די יידן, קינד און קייט, ווי ער שטיקט זיי אין די גאַז־קאַמערן אַזוי ווי די שטשורעס, ווי גאַנצע שטעט און שטעטלעך יידישע ווערן ליידיק פון זייערע באַוווינער, ווי...

און עס איז געשען. אינמיטן דערציילן האָט דאָן סאַלאָמאָן, אונטער דעם מעסטיסאָס וואַרעמען בליק, צוזאַמענגעבראָכן אין אַ געוויין. תחילת שטילערהייט, ער האָט זיך נאָך צו־ביסלעך געשעמט, נאָר באַמערקט האָט ער, אַז דאָן נעמעסיאָ ווישט זיך די אויגן, אַז דעם אַלטנס געלע פּנים איז געוואָרן בלייך, ווי אַלטער געלער פּאַרמעט, האָט ער פריי צעלאָזט זיין

ספּאַזמישן געיאָמער, אויפגעהערט און װידער אָנגעהויבן װײנען, װי אַ קלײן קינד, װידער און װידער געװײנט און דערצײלט פון די הויפּנס שיכּ־לעך אָפּגעפּאָטאָגראַפירטע אין די בלעטער און נאָך און נאָך... אין זײַ־ע אויגן האָט זיך אַ קװאַל פון געזאַלצענע װאַסער צעעפנט, אַ קװאַל, אוי־ף כּד אַ פאַרמאַכטער, אַ דערשטיקט געװעזענער אַ לאַנגע צײַט און ס'האָט זיך פון איר געגאָסן און געגאָסן.

װען דאָן סאַלאָמאָן האָט שױן ניט מער װי געשלוכצט, אָן װערטער און אָן כּח, האָט דער אַלטער אויסגעזונגען:

— שױן, זונעניו, ביסט שױן אויסגעהײלט... האָסט באַדאַרפט זיך אויסװײנען, האָסטו באַדאַרפט... איך האָב נאָר אַ קאַפּעטשקע צוגעהאָלפן. דאָס קול איז טאַקע דײַנס געװען, דאָס קול פון דײַן צער און װײטיק... האָסט שױן דאָס קול אויסגעװײנט, װעסט עס שױן מער נישט הערן!..

# די לעצטע האָפענונג

זיי זענען געווען אַ כאַליאַסטרע יונגנט און ער, דער אַלטער שניידער פויגעלמאַן.

אַ גרופּע שטודירנדיקע יינגלעך און מיידלעך פון זעלביקן געגנט, געלערנט אין זעלביקן פאַקולטעט, געהאַט איין פּראָפעסאָר און איין געהילף האָט מיט זיי פּראַקטיצירט אין מתים-קאַמער.

נאָר מען האָט געלאַכט! ס'איז ניט געווען פאַראַן ווו, ווען און פאַרוואָס.

אין אָמניבוס, אין גאַס, אפילו ביי דער פּראַקטיק, פלעגן די יונגען אויפכאַפּן אַ ליאַדע וואָס: אַן עפּיזאָד, אַ באַוועגונג פון וועמען, אַ פּאַפּירל דרייענדיק זיך אין דער לופטן — דאָס קאָמענטירן אין אַ טרעפלעכן הומאָריסטישן טאָן, און די מיידן פלעגן זיך צעקלינגען אין געלעכטער אויף אַ קול, קאָקעטיש, רייצנדיק און וואַכזאַם...

נאָר מען איז געלאָפן איינער צום צווייטן.

דאָ האָט איינער באַדאַרפט אַ בוך און זיך דערמאָנט, אַז פויגעלמאַן האָט אים; דאָ האָט אַ צווייטע ניט פאַרשטאַנען אַ זאַץ און געלאָפן צו אַ בחור פרעגן... אפּנים, דאָס יונגע בלוט האָט רוען ניט געקאָנט!

דער אַלטער שניידער פויגעלמאַן האָט דאָס צוגעזען און זיך געטראַכט, אַז יוגנט איז אומעטום אין אַלע צייטן און ביי אַלע פעלקער דאָס-זעלביקע. די קראַפט אין וווּקס, אַ ניט אויסגעלאָדענע, קיצלט און באַוועגט, מאַכט זיי אומרויִק און שפּילעוודיק ווי קעץ. אָט־אָט, און זיי וועלן זיך אַוועקלאָזן אין געדריי נאָכן אייגענעם עק...

ער האָט געקענט דאָס לעבן, דער אַלטער שנײַדער, פּונקט ווי די פּאַסטריגעס פֿון רעקלעך, וועלכע ער האָט גענייט אין די מיצן.

ספּעציעל פֿלעגט דער אַלטער וואַכן איבער צוויי פֿון דער גרופּע: אַ גאַזשעגישע טאָכטער — קלאַודיאַ אָדער קאָקאַ, ווי מען האָט זי גערופֿן, און זײַן זון לעאָן.

געווען איז זי, די קאָקאַ, אַ נידעריקע, אַ שטשופּלינקע מיט אַן אויסגעגאָסענער תּמימות אויף איר לענגלעכן פּנים: זי קאָן קיין צוויי ניט ציילן... נאָר די אויגן אירע האָבן זי פֿאַראַטן. די אויגן בײַ איר זענען געלאָפֿן אַהין־אַהער, אָפּגעשטעלט זיך, כיטרע אַרײַנגעדרונגען און ווידער באַוועגט זיך גיך־גיך, אויפֿכאַפּנדיק און אימפּאָנירנדיק.

זי איז געווען דער צענטער פֿון קרייז. אַלע חברה האָבן זיך געדרייט אַרום איר, זי געפֿרעגט עצות, זיך געלאָזט איבערפֿרעגן דאָס געלערנטע דורך איר. צו איר אַהיים פֿלעגן חברה לויפֿן אַרײַן און אַרויס. דאָ האָט קאָקאַ מיט אײנעם געטאַנצט, באַלד מיט אַ צווייטן דיסקוטירט וועגן אַ בוך, אָדער גאָר אינטים פֿאַרבראַכט אין געמיטלעכע שמועסן. די מיידלעך פֿלעגן איר נאָכטון. זיך געפּוצט ווי קאָקאַ און אימיטירט אירע חנדלעך.

פֿלעגט זי אַמאָל אַרײַנקומען צום שנײַדער פּויגעלמאַן בשעת ער האָט אונטערגערוקט איין אַרבל נאָכן צווייטן אונטער די ציין פֿון דער עלעקטרישער מאַשין, פֿרעגן אויף זײַן זון לעאָן — פֿלעגט דער אַלטער דאַן כאַפּן אַ בליק אויף איר: אָנגעטון אין אַ בלוזקעלע, פֿאַרשפּיליעט צניעותדיק העט ביז אַרום האַלדז; אויף איר פּנימל, ווײַט ניט קיין שײנס, מיט אַרויסשטאַרצנדקע שטשאָקעס און אַ קליין באַקלייענט נעזל אַ פּאַריסנס, איז געווען אויסגעגאָסן אַ נאַיווע באַשיידנקייט, אַ צוגעלאָזטע פּשטות און ס'האָבן פֿון אים אַרויסגעגלאַנצט צוויי גיריקע, כיטרע אויגן. ווען זײַן זון לעאָן פֿלעגט אַרויסקומען פֿון זײַן שטודיר־צימער צו איר, פֿלעגט דער אַלטער באַמערקן ווי די שכינה צעטיילט זיך אויף צווייען — האַלב רוט אויף איר פּרצוף און די צווייטע העלפֿט אויף זײַן זונס.

דאָס האָט פּויגעלמאַנען, דעם שנײַדער, גאָרנישט געשמעקט. די מויד פֿלעגט דאַמאָלס באַלד אָנהויבן שיטן בנעימותדיק פֿון דעם, פֿון יענעם, בחיפּזון געמישט איין ענין אין צווייטן, גלײַך אָט בײַ איר אין בויך האָבן זיך די ווערטער צונויפֿגעזאַמלט ווער ווייסט וויפֿל צײַט און זי האָט זיי קוים

דערשלעפּט צו לעאָנען, שפּאָרן זיי, די ווערטער פון איר, ניט איינצוהאַלטן...

ער, זיין זון, א ברייטפּלייציקער, פון תמיד א גרויסער שוויגער און
ערנסטער, זיין שמאָל מויל און ליפּן צוזאַמענגעפּרעסט, גלייך ער זאָל יירא
מורא האָבן עפענען, עמעצער זאָל דאָס מויל זיינס אזוי פאַרהאַלטן —
פלעגט דאַמאָלס אָבער שטיין א שמייכלענדיקער, א שיינענדיקער, הערן איר
פּלאַפּלעריי און אויך מיטשמועסן.

זיין זון, זיין בן־יחיד לעאָן, זיין איינציקע האָפענונג אין דורותדיקן
דראַנג! פויגעלמאַן איז פון באַרוף קיין שניידער ניט געווען, ווי זיין
פאָטער, אָן אויבסט־הענדלער. ער, ווי זיין פאָטער, האָט קליינווייז געשמט
מיט זיינע פעאיקייטן. זיין פאָטער פלעגט אויסזינגען קינדווייז גאַנצע סוגיאָס
פאַרן בית־מדרש עולם, און ער, פונקט ווי איצט, געדענקט ער, אין קלאַס,
האָט די איליאַדע אַרויסגעקלונגען פון זיין מויל, קאַפּיטל נאָך קאַפּיטל,
צום שטוינען פון לערער און שילער.

ווי דורך א קללה פלעגט זיך ביי זיי דאָס גאונות צערינען מיט דער
עלטער.

דערצו א צוגעטשעפּעטער שלימזל און אומשטענדן האָבן פאַרוואַנדלט
זיין פאָטער אין א קבצנישן אויבס־הענדלער, און אים אין א רעקל־נייער
פאַר גרויסע סוחרים פון קאָריענטעס גאַס. ער איז קיין שניידער פון פאַך
ניט געווען! אין טויזנט און איין גילגול איז ער פאַרוואַנדלט געוואָרן אין
ארגענטינע, ביז ער האָט זיך דערשלאָגן צו חיונה פון טאַנדעט־שניידעריי.
עד היום מאָרדעווען נאָך די סוחרים מיט זיינע רעקלעך און פאַרגיסן אים
זיין בלוט: דאָ איז א קנייטש, דאָרט א נאָט קרום...

זיי וויצלען זיך איבער אים: דאָן איסאַק, פאַרוואָס זיינט איר בעסער
ניט א לערער? אין בוענאָס איירעס זענען גראָבע יונגען מלמדים און איר,
אַזאַ ווילקענער, גאָר א שניידער...

ער, איסאַק פויגעלמאַן, בויגט אראָפּ זיין קאָפּ, מאַכט זיך ניט הערנדיק
און כאַפּט דערווייל א לייען אין בוך, וואָס ער טראָגט מיט זיך.

זיין זון, זיין איינציקע האָפענונג אין דורותדיקן דראַנג! מיט ציטער
און אַנגסט פלעגט ער נאָכקאָנטראָלירן און נאָכפרעגן אויב זיין זונס גוואַל־
דאָוונע פעאיקייטן ווערן ניט אויסגעוועפּט, לויטן משפחה־פעלער.

ער פּלעגט אים דערפאַר ניט לאָזן לערנען לאַנג, נישט לאָזן לייענען, כאָטש יענער וואָלט זיך רק געריסן צו ביכלעך.

גיי, מיין קינד, שפּיל אין באַהעלטעניש מיט יינגעלעך, גיי שפּיל זיין באָל מיט דער חברה!

איצט, ביי די 19 יאָר, וואָס זיין זון איז אַלט, דאַכט זיך דעם אַלטן, אַז ער האָט אים אַרויסגעריסן פון גורלס נעגל; איצט פּלעגט דער אַלטער חלומען וועגן זיין זון אַלס מעדיקער, אַלס וועלט-דאָקטער; טויזנט חולאים וואַרטן ביי זיין טיר, טויזנטער שילער לערנען זיינע ביכער, סטודענטן אין פאַקולטעט רינגלען אים אַרום, הערן אים מיט אָפּשיי... איין קליינינקייט, פּראָפעסאָר פויגעלמאַן!...

און דאָ האָט זיך זאַנאַדיעט אַ פּרעמדע מיאוסע שיקסע און גזלט אים אַוועק צו זיך, רייסט אים אַוועק פון לערנען.

ער האָט געוווּסט, דער אַלטער איסאַק, ער האָט געקענט דאָס לעבן, ווי די פאַסטריגעס פון אַרבל: וועט יוגנט פאַרכאַפּט פון ליבע, וועט דאָס לערנען אַ שטער; דער נאַטירלעכער דראַנג באַהערשט די חושים אין מ'טוט וואָס עס לאָזט זיך; וועט מען אַ שניידער, אַן אָנגעשטעלטער, אַבי איינאָרדענען זיך ווי ניט ווי.

האָט דער אַלטער איסאַק פיינט באַקומען די פּרעמדע מויד, געקוקט אויף איר ווי אויף אַ שונא, וואָס וויל ביי אים אַוועקראַבעווען זיין איינציקע האָפענונג, אַז אויף אים וועט שוין דער שלימזל פון זיין שטאַם נישט האָבן קיין שליטה. ביי דער אַרבעט פלעגט דער אַלטער שניידער איצט אונטערזינגען אויפן אָרט פון די פריילעכע זמרלעך פון תמיד — דאָס טרויעריקע רוסישע ליד פון נאַדסאָן „דער זינגער"...

אין שטוב האָט מען געוווּסט: הייבט דער אַלטער אָן אונטערזינגען מיט זיין רוקבעט-שטימע „דער זינגער", איז עטוואָס ניט גלאַט ביי אים, יסורים מאַטערט אים, — דאָרט ביי דער אַרבעט געהאַט עגמת-נפש, אין קאָפּע זיך מיט עמעצן צעוואָרטלט ביי דאָמינאָ־שפּיל, גיי ווייס אים, אַז אַ שווייגער איז ער פון תמיד, דערציילן דערציילט ער ניט, אויך פרעגן איז איבעריק — גיי ווייס אים! האָט זיין פרוי זייטיק געפּרובירט אים באַרואיקן און אַריינגעוואָרפן: מען האָט זיי אין דער ערד, די ביזעלעדאָסן, זאָלן זיי

קאָרטשען, זיי ברויכן איצט דעם אַרבעטער, װעלן זיי בילן װי די הינט און דאָך געבן אַרבעט...

האָט איר מאַן, איסאַק, אויסגעשטעלט אַ פּאָר אויגן: ס׳הייסט, קען װאָס איז דאָס צורייד-געקומען? און צוגלייך מיטן זשומען פון מאַשין האָט זיך געהערט זיין הייזעריק פאַלשער ניגון:

„דיין זינגער פאַרמישפּט
און מיט זשערנע אויגן
דער טויט לויערט
אויף זיינע טריט".

און פאַרקריכנדיק אין ראש־השנהדיקן נוסח, זיך צעזונגען: „דער טוי-י-י-ט לויע-ע-ע-רט אויף זיינ-נ-יע טריט".

מיט דער צייט האָט אָבער דער שניידער פויגעלמאַן זיך אַליין באַרואיקט, זיך גוט אויסגעזידלט פאַר זיין נאַרישן פאַרדאַכט: זיין זון איז נאָך אַ קינד, ערשט 18 יאָר דאַרף ער װערן; אַ נאַיװ לייטיש קינד, לערנט מיט התמדה און ער, דער אַלטער נאַר, שרעקט זיך פאַר פּוסטע חלומות, פאַר װינט-מילן... און װידער האָט ער אונטערגעברומט זיינע זמרלעך ביי דער אַרבעט, מישנדיק איין ניגון מיטן צװייטן און פאַרקריכנדיק אין נוסח פון יום-טובדיקער שמונה-עשרה.

ס׳איז געװען אַן אָסיענדיקער פאַרנאַכט.

איסאַק שניידער איז אַרויס פון אונטערגרונט-באַן אויף פּלאַסאַ פּרימעראַ כונטאַ מיט צװיי פּעק צוגעשניטענע רעקלעך, װאָס האָבן אים געצויגן צו דער ערד, געבויגן זיין קערפּער אין דרייען און געשניטן די לענדן װי מיט אָפּצװענגעס. אין דרויסן איז געװען נאַס און קאַלט. ס׳האָט ניט גערעגנט, נאָר דריבנע טראָפּנדלעך האָבן זיך געטראָגן אין דער לופט, דורכגעדרונגען די מלבושים און זיך איינגעגעסן אין קערפּער.

גרויע כמאַרעס האָבן זיך געיאָגט נידעריק איבער די קעפּ איינס נאָכן צװייטן, געפלויגן אין געיעג װער װייס װוּהין, װער װייס פונװאַנען, און איינװעגס אַ כליאַפּע געטון אַ זשמוט נעץ איבער די פּנימער. די פּלאַסאַ איז געװען איבערגעשניטן מיט אָן אַ שיעור רייען װאַרטנדיקע אויף קאָלעקטיװעס און אָמניבוסן.

דאָן איסאַק האָט זיך דערשלעפּט צו דער רײ פון זײַן אָמניבוס, וואָס האָט זיך געשלענגלט זיג־זאַג פון צופּיל וואַרטנדיקע. ער האָט שווער גע־סאַפּעט און קוים אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם — אָבער אים ניט דערכאַפּט: ניט ווײַט פון אים איז געשטאַנען זײַן זון אין דער זעלביקער רײ, אַרומגע־נומען מיט אַ מײדל. יאָ, מיט איר, מיט דער שיקסע קאָקאַ. זײ האָבן אין קעלט זיך געטוליעט אײנס אין צווייטן און אינטים געשעפּטשעט, כאָטש ביר זײ אין ציוויל־רעגיסטער...

אָ, דאָס איז געווען די גאַזשעגישע טאָכטער קאָקאַ, פאַר וועלכער ער האָט אַזוי מורא געהאַט; זײַן לעבנס־שונא קאָקאַ, די מערדערין, וואָס רויבט בײַ אים אַוועק זײַן זון...

דער אַלטער האָט, ניט ווילנדיק, אַרויסגעלאָזט אַ קרעכץ, אַזש אַלע אין דער רײ האָבן זיך אומגעקוקט.

די אויגן פון פאָטער און זון האָבן זיך באַגעגנט און פון בײדע האָט געשטראָמט שטוינען און צער.

# רכילות

מ׳קען ניט זאָגן, אַז מיר, קלימענטאָ בענקמאַן, איז אָנגענעם צו זײַן ביי לײטן אויף דער צונג.

ווי איך בין, פיל איך הינטער מיינע פּלייצעס די ברענענדיקע בליקן און תאווה-שמייכלען פון ווייבער און איך הער די שטעכווערטלעך פון מענער.

איינע אַ יידענע מיט אַ האָרבאַטן גוידער אונטערן בערדעלע האָט זיך אַנומלט שטאַרק געהיצט קעגן מיר אין באַר „קאָמערסיאַל״. זי האָט מיטן גאַנצן גוף געזופּט פּיצמענטאַניע. די ווייסע שיטעריצע איז איר ועלעגן אויפן שטערן, אויפן גוידער און זי האָט זיך געהיצט, קוקנדיק אין מיין זייט אריין און מיסתמא געשיט פאַר איר מאַן פּעך און שוועבל אויף מיר.

פון וואַנען זי קען מיך?

נו, טאַקע? פון וואַנען קען זי מיך? אפשר האָט זי זיך גאָר געקריגט מיט איר מאַן וועגן אַ מאַנטל, אַ פּאָר שיך. מאַלע וועגן וואָס אַ פרוי היצט זיך מיט איר מאַן.

„כי, כי, האָב איך זיך גוט אויסגעלאַכט, ביסט קלימענטעניו, אַ קנאַ-פּער בר-שכל און אַ גרויסער בטלן. די יידענע האָט גאָר אין איר גאַנץ לעבן ניט געהערט פון קיין קלימענטאָ בענקמאַן און פון קיין כייקעלע, אדערע קלאַריטאַ אייזמאַן״.

צוריק גערעדט, האָב איך זיך ניט מיט וואָס צו קלעמען. איך האָב אַ רעכט צו וווינען ווו איך וויל און ביי וועמען איך וויל און איך דאַרף היינעם ניט אָפּגעבן קיין חשבון.

איך בין אויף פּענסיאָן ביי קלאַריטאַ אייזמאַן און איך צאָל תאַ-

מײן עסן שוין אַביסל צו טײער. איך רוף זי כײקעלע, לויט איר טערנעזיר־קער נאָמען. אמאָל, אין טערנעווקע, איז זי געווען די גימנאַזיסטקע כײקעלע שפּילמאַן. איר פֿאָטער האָט געתקיפֿט מיט זײנע גאַרבערײען, מיט זײן תורה און מיט זײן ברײט־צעקעמטער באָרד. און כײקעלע האָט אים צוגע־האָלפֿן דאָס טון מיט אירע חן־גריבעלעך און פֿײכטגלאַנציקע באַליכעס.

מיר זענען געווען אַ כאַליאַסטרע לערן־יוגנט און מיר האָבן געפֿירט שטורמישע אַמפּעריען איבער פּאַרטײען און מיר האָבן זיך געשלײדערט מיט קריגערישע פֿראַזן אויף אומרואיקע פֿאַרזאַמלונגען און מיט שטילע ליבע־דערקלערונגען אין פֿערפֿומירטע אוקראַינישע נעכט אונטער דעם אַקאָמפּאַנימענט פֿון סאָלאָווײ־געזאַנגען. דער צענטער פֿון די פֿלירטן איז געווען כײקעלע. אַלע האָבן געשמײכלט צו איר און ווען עמיצער האָט זיך צופֿיל דערלויבט, האָט זי געטײלט פּעטשלעך איבער די הענט. היינט הײסט זי דאָניאַ קלאַראַ אײזמאַן, לויט דעם מאַנס פֿאַמיליען־נאָמען. זי האָט פֿינף קינדערלעך, אײנס קלענער פֿון צווײטן און זי קומט אויס אַ דאַנק דעם, וואָס איך באַצאָל גוט פֿאַר קעסט.

פֿון דער אַמאָליקער כײקעלע זענען געבליבן אירע גרויסע, פֿײכטע אויגן, אביסל איבערגעשראָקענע. פֿאַרוואָס זי שרעקט זיך? טאַקע פֿאַר־וואָס? זי איז דווקא ניט קײן שרעקעוודיקע. אין טערנעווקע איז זי געווען אַ מוטיקע און אַן אײנשטעלערין. זי איז געווען אַ לינקע, זי האָט געוואָלט אַלדאָס גוטס פֿאַר יעדן. זי האָט זיך אַרײנגעוואָרפֿן אין דער באַוועגונג מיט דער גאַנצער עקשנות און תקיפֿות פֿון די שפּילמאַנס. איך פֿלעג זי אַמאָל איראָניזירן: איך פֿלעג איר זאָגן: אויב איר ווילט גליק פֿאַר אַלע, שענקט־זשע מיר אַוועק אײער רעכטע באַק מיטן חן־גריבעלע"... פֿלעגט זי זיך בײזערן, מיך רופֿן ציניקער און מיר זאָגן, אַז איך בין אַ מענטש אָן אַן אידעאַל. „ווי לעבט מען עס — פֿלעגט זי מיר זאָגן — אָן אַן אידײע?" און זי האָט דערבײ געגלאַנצט מיט אירע פֿײכטע, גרויסע קוקערס, גלײך זי האָט אַ גאַרבערײ פֿון אידײען, ווי איר פֿאָטער אַ גאַרבערײ פֿון פֿעל.

האָב איך דען ניט געהאַט קײן אידעאַל? דעמאָלט פּונקט ווי איצ־טער, איז מיר געפֿעלן דאָס בעסערע, דאָס רואיקע, אַ בעסערע וועלט? ריכ־טיק! גלײכע צעטײלונג פֿון רײכטום? אוודאי און אוודאי! פֿאַלעסטינע פֿאַר ייִדן — הלוואי! כ'האָב נאָר ניט געקענט אָננעמען די פּאַרטײ־טאַקטיק, אַז אַלע מיטלען זענען כשר. האָט מען געלאַכט פֿון מיר. סײ די לינקע און סײ די רעכטע האָבן מיך געהאַלטן פֿאַר אַן אנדרוגינוס. איך

בין נאָך דעמאָלט ניט געווען קיין אַלטער בחור, וואָס איז אויף קעסט ביי דאָניאַ קלאַראַ. איך האָב מיר געזונגען מיין ליד וועגן אַן א שיעור וועלטן, וואָס זענען באַהאַלטן אונטער זיבן שלעסער און זייער שטומער שומר זענען צוויי פייכטע, טרויעריקע אויגן, אַ לענגלעך פּנים, מיט צוויי גריבלעך ביי די ווינקלען...

איין מאָל, ווען די באָלשעוויקעס האָבן באַזעצט דאָס שטעטל, האָבן זיי באַזעצט די צוקערפאַבריק און אויך שפּילמאַנס גאַרבערייען און שימקעס פאָטערס זון, חיים, איז באַשטימט געוואָרן אַלס דער אויפזעער און כיי-קעלע אַלס זיין סעקרעטאַרשע. אַ ברייטביינערדיקער יאַט איז חיים געווען, מיט גלאַנציקע שטיוול. דער בעסטער גאַרבער אין שטעטל. די רעוואָלוציע איז אים געלעגן אין טשוב, וואָס מער ער האָט אים געגלעט אויף אַרונטער, אַלץ מער האָט ער זיך געשלענגלט אויפן שטערן, צוגעבנדיק דעם פּנים אַ באַזונדער, כמעט פאַרשייטן חן. און ווונדער איבער ווונדער, כייקעלע האָט איבערגעלאָזט אַלע ווילגעלערנטע און זיך צוגעקלעפּט צו איר נייעם שעף.

און דאַמאָלס האָב איך מיר געזונגען אַ קליין לידל מיט אַן אַלטן נוסח: חד גדיא, חד גדיא... אַ ציגעלע האָט געוואָלט קויפן קלימענטאָ בענקמאַן. איז געקומען חיים קאָטער, געמאַכט כיק, כיק און אויס ציגעלע. איך, קלי-מענטאָ בענקמאַן, האָב זיך געדרייט ווי אַ פליגל אַרום לאָמפּ אַרום. היינט זי געזוכט, מאָרגן זי אויסגעמיטן, געהאַסט זי און געבענקט נאָך איר צו-זאַמען, געליבט און פאַרדאַמט, ביז וואַנען די פּאָליאַקן האָבן פאַרכאַפּט דאָס שטעטל. די נייע מאַכט האָט אין יעדן יידן געזען כאָטש אַ קאָמיסאַר. קיין קלעפּ האָבן זיי קיינעם ניט געזשאַלעוועט. דאָס זיכערסטע פּלאַץ איז געווען וואַרשע. אַהין איז געלאָפן ווער עס האָט נאָר געהאַט אַ קרוב, אָדער אַ חבר אין אַמעריקע. אַהין איז אַנטלאָפן חיימקע מיט זיין סעקרעטאַרשע, אַהין בין איך אויך געלאָפן. איך האָב באַשלאָסן צו פאָרן קיין אַרגענטינע. פאַרוואָס קיין אַרגענטינע? מיינע קרובים פון צפון-אַמעריקע האָבן מיר געשיקט דאָלאַרן און זיי האָבן געפּאָדערט אויסדריקלעך, אַז איך זאָל פאָרן קיין ניו־יאָרק. דעם פעטערס דאָלאַרן זענען געווען באַגלייט מיט אַ מיידלשן פּאָרטרעט. ווייזט אויס, אַז דאָס איז געווען אַ בילד פון זיינער אַ טאָכטער, וואָס איז מסתמא אַמאָל געווען שיין. מען האָט מיר אין די בריוו צוגעזאָגט טויזנט און איין גליק. איך האָב אָבער גענומען און האָב געקויפט אַ שיפס-קאַרטע קיין בוענאָס איירעס.

פאַרוואָס?

איך בין בכלל אַ מענטש אָן אַ „פּאַרוואָס”. איך שטרעק אויס אַ האַנט און איך נעם אַרויס פון געשעעניש־פּלאָנטער דאָס גרינגסטע. איך נעם דאָס דאָזיקע, וואָס לאָזט זיך, אָפּט אַפילו קעגן מיין ווילן. אפשר האָב איך גאָר קיין ווילן ניט. נאָך אַ פּאָר יאָר וואַקלענישן צווישן די ברית צום פּעטער, אַז איך פּאָר און קום אַוו צווישן דעם פירן געשעפטן אין פּוילן גופא און טראַכט וועגן בלייבן דאָרטן, בין איך פאַרפאָרן אין דעם כרך פון „גוטער לופט”.

אין בוענאָס איירעס האָב איך זיך באַקאַנט מיט נייע באַגריפן, נייע פּרנסות, נייע געוווינהייטן און מאָדנע ליידנשאַפטן. למשל: שימקע קאַטערס זון, חיימקע, הייסט דאָן כיימע און פאַלט אַלע זונטיק אַראָפּ פון פערד. אַראָפּ פון פערד? איך געדענק דאָך, אַז ווען ער איז געווען קאָמיסאַר, איז ער געפאָרן רייטנדיק אויף אַ בולאַן, אַז די ערד האָט אַזש געציטערט אונטער זיינע פיס. איז ווי־זשע איז דאָס מעגלעך, אַז דאָ זאָל ער אַראָפּפאַלן פון דעם פערד? זאָגט מען מיר, אַז ניט ער, נאָר זיין געלט, זיין גאַנצע האָרעוואַניע פון דער וואָך פאַלט אַראָפּ פון פערדל. זיין כייקעלע ווערט פאַרשוואַרצט און פאַרגעלט, לויט אַלע כללים פון דער „סראָדיטעלנער גראַמאַטיקע”. ביי אונדזער ערשטער באַגעגעניש האָב איך זיך געשעמט זי צו רופן מיטן אַמאָליקן נאָמען כייקעלע. זי איז ניט געווען די זעלביקע. דאָס פּנים דאַר, אויסגעצויגן, די חן־גריבלעך אירע זענען פאַרשוווּנדן געוואָרן און זיי האָבן דאָך אַמאָל שעמערירט מיט שטראַלן, ווען זי האָט געשמייכלט. פון אירע גרויסע אויגן איז אַוועק דער שעלמישער, באַוועגלעכער אומרו. זיי זענען נאָך פייכט ווי אַמאָל און זיי נעצן ביז רחמנות.

מיר האָבן ביידע געשוויגן, מיר האָבן ניט פאַרמאָגט קיין ווערטער צום רעדן. חוץ דעם האָב איך מיך געשעמט, גלייך די גאַנצע שולד פון איר פאַרשווערונג וואָלט געווען מיינע, גלייך ווי איך וואָלט זי געדאַרפט וואָרענען און היטן. עס איז אַמאָל געווען אַ נאַרישער בחור, אַ באַזונגענער און אין דעם געזאַנג פון אַלע געזאַנגען האָט ער אָנגעקלאַפּט צו זיין געליבטער:

— עפן מיר, עפן, טייערע...

— ווי זאָל איך דיר עפענען, אַז מיינע האָר זענען געזאַלבט מיט אידייען, אַז מיינע פיס זענען פעט פון פּאַרטיי־שמירעכץ?

איז ער אוועק, דער נאַרישער בחור, און די היטער האָבן זי געפּאַקט און געשלאָגן און פון איר חוזק געמאַכט.

איך מיט איר האָבן מיר באַשלאָסן, אַז איך זאָל אַריבער צו איר אויף קעסט. עסן קאָסט דאָך אומעטום און דערצו איז מיין מאָגן אַ דעלי־קאַטער און ער לאָזט זיך גרינג איבערפירן. וועל איך פאַר מיין געלט עסן פונקט אַזעלכע פרישע מאכלים ווי אין טערנעוווקע. און איך האָב געדונגען ביי די אייזמאַנס אין הויף אויך אַן אויבערשט צימערל. און איך בין געוואָרן אונטערפירער ביי זיי. איך פלעג אונטערפירן קלאַראַן אין פּאַרטיי־צענטער א., איר מאַן אין היפּאָדראָם אַלע זונטיק. אַ פאַרנומענע אַ גאַנצע וואָך ביי דער שטוב-אַרבעט, פלעגט זי דאָך אָפּרייסן אָוונטן פאַר דער פּאַרטיי. מיך האָט מען דאָרט געדולדעט ווי חברטע קלאַראַס צוטשעפעניש, ווי אַן אָפּגעריבענעם, אָפּגעבליאַקעוועטן פּרויען-טאַש, וואָס האָט זיך אַלע מאָל געוואַלגערט אין אַן אַנדער פּלאַץ, בשעת זי האָט זיך געהיצט און דיסקי־טירט. יענער טאָש איז געווען פאַר זיי אַ לײדיקער און איך אַ פולער. מיַן האָט ביי מיר, ווי ביי אַ קוענטעניק, אַ קליינבירגער, אַלע מאָל געבעטן: חבר קלימענטאָ, אַ באַשטייערונג פאַר דעם שניידער־שטרייק; חבר קלי־מענטאָ, פאַרן מעבל-סינדיקאַט. שפּעטער האָט מען מיך גערעכנט פאַר אַ סימפּאַטיזירער. אוודאי האָב איך סימפּאַטיזירט.

כ'האָב סימפּאַטיזירט מיט דעם שיינעם חלום, מיטן הוהא פון יוגנט־לעכן ענטוזיאַזם, מיט זייער יידישן קידוש-השם גרייטקייט; כ'האָב סימ־פּאַטיזירט מיט זייער קאַמאַראַדאַ קלאַראַ, מיט בייקעלען. איז אָבער געקו־מען, דער הייליקער טאָג זונטיק, פלעג איך אונטערפירן דאָן כיימען אין גאָענטן שטעטל סאַן איסידראָ צום היפּאָדראָם, צו געווינען פּאַבלהאַפּטע געלטער אין די געיעגן פון פערד.

דאָן כיימע איז געוואָרן אַ גאַנצער בקי אין די ענינים.

פון פרייטיק אָוונט אָן פלעגט ער שטודירן אין די צייטונגען דעם יחוס, מעלות, חסרונות פון יעדן פערד מיט די אויסטערלישע נעמען. ער פלעגט שטודירן און אויספאָרשן.

אַלערליי טונקעלע פאַרשווינען פלעגן אים פאַר אַ צווייער פּעזאָ צו־טראָגן פאַרבאָרגענע דאַטן וועלכעס פערד מוז געווינען זונטיק ביי דעם אדער יענעם נומער געיעג.

אַז עס איז געקומען דער הייליקער טאָג זונטיק, האָט דאָן כיימע שוין געוווּסט אויף זיכער וועלכעס פערדל וועט אַריין דער ערשטער און זייפל מען וועט צאָלן פאַר יעדער „גאַנאַדאָר". וואָס מער „גאַנאַדאָרן"

ער וועט באַווייזן קויפן, מער געלט וועט ער פאַרדינען... ער פלעגט מיר אויך צוריידן: קלימענטאָ, קאַליגולאַ איז אַ „פיכא". קויף 200 „גאַנאַ־דאָרן" ווערכטו אַ גביר. ער פלעגט מיך בעטן. דער מענטש האָט געליטן צוליב פאַר מיין גלייכגילטיקייט, פאַר מיין אַפּאַטישן שטות. ער פלעגט זיך בייזערן, כמעט מיך זידלען: ווי איז א מענטש אַזאַ אידיאָט, שאַרט מיט די הענט אַוועק אַזאַ פאַרמעגן.

פאַרוואָס פלעג איך מיט אים מיטפאָרן?

איך פלעג זיך אַליין איינרעדן, אַז עס איז טשעקאַווע צו זען ווי מענטשן שפּרינגען פון זייער הויט, ווי פרויען און מענער, יונג און אַלט, טופּען מיט די פיס, גוואַלדעווען מיט באַנומענע קולות, קלאַפּן זיך מיט די קולאַקעס אין האַרצן, שפּרינגען אונטער פון ווילדקייט, אויסשרייענדיק יעדער דעם נאָמען פון זיין פערדל, פונעם רייטער וואָס וועט אים מאַכן געווינען גרויסע סומען, ווען ער זאָל כאָטש מיטן קאָפּ דערגרייכן דעם באַריער. אָ, איך פלעג מיך וואַרגן פון געלעכטער ווי חיים קאָטער, שימקע קאַטערס זון פון טערנעווקע, פלעגט ווערן רויט, אָנגעגאָסן דאָס פּנים מיט בלוט, די האָר פון קאָפּ אויפגעשטעלט, צעשויבערט, זיינע לאַנגע הענט פאַריסן אין קולאַקעס, איז געשפּרונגען און געהירזשעט: קאַליגולאַ סאָלאָ, קאַליגולאַ סאָלאָ!... שפּעטער צו, ביים לעצטן גייעג, ווען ער איז שוין געווען טויט הייזעריק, ווען ער איז שוין געווען נקי, אָן איין סענט פון זיין גאַנצער וואָך שכירות, פלעגט ער מיך אויסזוכן און צוקומען. זיינע אויגן — טויט, איינגעפאַלענע, דאָס פּנים געל ווי נאָך אַ קרענק, און זיך בעטן: קלימענטאָ, ראַטעווע, ליי מיר אויף 10 גאַנאַדאָרן: פּיפּי איז אַ פיכאַ, פּיפּי וועט מיר אָפּגעווינען מיין פאַרשפּילטע האָרעוואַניע.

און איך האָב אים געליגן.

איך בין ווייט ניט קיין מילדער. אָפּטמאָל זשאַלעווע איך מיר דאָס נויטיקסטע. ווען אַ גוטער ברודער בעט ביי מיר אַ גמילת חסד, מעסט איך לאַנג מיטן געדאַנק: וועט ער אַוועקגעבן? און אָפט באַשליס איך, אַז ניין. דער שאָלטאַק וויל נאָר אויסנאַרן ביי קלימענטאָ בענקמאַן אַ פינפער פעזעס. איך גיב ניט. אים, אָבער, כיימקען, כייקעלעס מאַן, פלעג איך געבן.

איך האָב געוווּסט, אַז צוריק די עטלעכע פעזעס וועל איך שוין ניט זען, פּונקט ווי די פון צוריק מיט אַ וואָד, פון צוריק מיט צוויי וואָכן, מיט... דאָך האָב איך אים געגעבן. פאַרוואָס פלעג איך מיטפאָרן אין היפּאָדראָם? איך פלעג אים באַגלייטן נאָך אויף אַ פּלאַץ. קעגנאיבער אונדזער הויז, אַ טיר קעגן אַ טיר איז געווען אַ מין קלוב מיט אַ ביבליאָ־

טעק אַ רעכטע. פלעגן מיר ווען ניט ווען, אין אָוונט, שפּילן דאָרט אַ פּיי־הענטיקע דאָמינאָ מיט צוויי באַברילטע עלטערע ציוניסטן. מיין פּאַרטנער כיימע פלעגט אויך אין דער שפּיל ווערן אַריינגעטאָן מיט לייב און לעבן, זיך היצן און זידלען, הלמאי איך בין געבליבן מיטן טאָפּל זעקס. אפשר האָב איך געמיינט אים באַהאַלטן אויף יום־טוב. איך פלעג מיך פאַרענט־פערן: כיימקע, וואָס ברויך איך דעם טאָפּל־זעקס אויף יום־טוב? וואָס וועל איך טון מיט אים אום יום־טוב? אדרבא, איך האָב מיר אים באַ־האַלטן צו פאַלן מיט אים דאָמינאָ, אַז... ער פלעגט מיך ניט אויסהערן און זידלען מיט אַ שטאַרק זידל־וואָרט.

אויך דאָרט, אין ציוניסטישן קלוב האָט מען מיך געהאַלטן פאַר אַן אייגענעם. מיר פאַרקויפט שקלים און מיך אַגיטירט: דאָס בעסטע אָרט פאַר יידן איז ארץ־ישראל. דער עיקר דאַרף מען אַ פאָר טאָלער. דערפאַר ערב יום־כפּור, ווען דער קלוב איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ שיל, און די קערות זענען אויסגעשטעלט געוואָרן לענגאויס דעם טיש, האָבן די גבירישע 10-נער סענטן דאָרט געקלונגען, אַ שרעק...

כיימקע פלעגט דאָרט קויפן אַ שטאָט אויף ימים־נוראים און זיך באַ־מיט איך זאָל אויך קויפן.

— נאָך וואָס, כיימקע, באַדאַרף איך אַ שטאָט אין שיל? מיין גאָט איז אומעטום. ער איז איך, ער איז אין מיר, ער איז אין מיינע געדאַנקען, ער איז דאָס פולע און דאָס לייִדיקייט. אַלעס און גאָרנישט, ער איז... פלעגט ער ווערן אויפגערעגט און מיר דערווייזן אַז אַ קאָמוניסט איז ער, כיימקע אייזמאַן, אַ גרעסערער פון מיר, נאָר דאַוונען יום־כפּור מוז יעדער ייד.

איך האָב אָבער קיין שטאָט ניט געקויפט. ערב יום־כפּור אָוונט פלעג איך בעסער אונטערפירן כייקעלען אין פּאַרטיי־צענטער. איך האָב זי נעך־פירט געאַרעמט איבער די באַראַקאַסער הינטערגעסלעך, מיין האַנט איינ־געגראָבן אין איר וואַרעמען קערפּער. אַלע מיינע געדאַנקען האָבן זיך צו־נויפגעוויקלט אין איין קנויל, אין איין זיסן איינגענעמען קנויל, וואָס דאָט מיך געשכורט, וואָס האָט גערעדט צו מיר ווי אַ באַזונדער וועזן: — וואָס, גאָט אַזוי קלימענטעניו?

אומעגלעך געווען פאַקן אָט דעם פקחותדיקן קנויל מחשבות, צוריק אים אַריינפּערן אין מיין נאַרישן קאָפּ, דענקען ווי אַ מענטש. — וואָס וועט זיין דער סוף, האַ?... איך האָב מיך געטוליעט אין איר קערפּער און אַ וואַרעמקייט האָט געשטראָמט אין אַלע מיינע אברים. אַ געזאַנג איז אויפ־

נעגאַנגען אין מיר, אַ געזאַנג אָן ווערטער, אפילו אָן מעלאָדיע, נאָר פון קאַמע שטילע טענער, וואָס אַן אומזעבאַרע פידל האָט אין די שעהן פון נאָך אָוונט-מאָלצייט געבראַכט. אויף די שוועלן דאָ און דאָרט האָבן פאָר-לעך זיך געשושקעט, געצערטלט, באַמיט וואָס ענגער זיך צוזאַמענדריקן, וואָס טיפער אַריינדרינגען איינס אין צווייטן אונטער טונקלקייט פון נאַכט.

מיר האָבן געשפּאַנט איבער באַראַקאַסער הינטערגעסלעך, איבער ניט גלייכע טראָטואַרן, ווו ניט ווו זיך פאַרטשעפּעט אין אַרויסשטאַרצנדן שטיין, ווו ניט ווו אין אַ קאַלוזשע און שיער ניט געפאַלן צוזאַמען אין בלאָ-טע. איך האָב געפילט נאָר איין באַגער — אַז אָט די צעריסענע, קרומע טראָטואַרן זאָלן זיך ציען און ציען ביז אָן אַ סוף, ביז אייביקייט... ס'איז געשען אַ פּשוטע זאַך: אונדזערע קערפּערס האָבן זיך באַהעפט צעשיידט־זיר-הייט. אונדזערע געדאַנקען זענען געוואָרן איינס און דער אָטעם אונדזערער האָט געדוכעט אין איין אוניסאָן. אַזוי פּשוט באַהעפטן זיך צוויי עלעמענטן אין קאָסמאָס, איינס אין צווייטן, אַטאָם צו אַטאָם, אָן אַ פאַרוואָס, אָן פאָראויסבאַטראַכטקייט, אַזוי מוז זיין, אַזוי איז עס!

— כייקעלע, האָב איך איינמאָל אין אַזאַ אָוונט געשטאַמלט ווי פאַר-טשאַדעט, ווי צעטומלט, אפשר...

זי האָט מיך ניט געלאָזט ענדיקן מיין געדאַנק. זי האָט אַליין אויך געטראַכט פון זעלבן. אפשר האָט זי אַרויסגעהויכט מייז געדאַנק מיט דעם אָטעם. זי האָט מיט אַ קוים פאַרשטיקט געוויין מיך געצערטלט:

— ניין, קלימענטאָ, מיר לעבן ניט אַליין אויף דער וועלט. איך האָב מיט אים קינדער, וועלכע זענען מיט זייער פאָטער צוזאַמענגעוואַקסן. מען קען זיי פאַר קיין לעבעדיקע יתומים ניט מאַכן. פאַרפאַלן. איך וועל מיין לעבן שוין שלעפּן ווי עס לאָזט זיך. איך האָב דעם וועג מיר אַליין אויסגעקליבן. דו גיי, פאַר דיר זענען אַלע פיר זייטן אָפן, זוך און שאַף דיר דיינעם.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

פון דעמאָלט אָן איז אַריבער אַ היפּשע צייט. מיין וועג איז געלאָפן לטנגאַוויס אירן. איך האָב קיין צווייטן ניט געזוכט. איך בין בכלל אַ קנאַ-פּער זוכער, נאָר אַנגענעם איז מיר ניט. די רכילותן וואָס מענטשן טרייבן אַרום מיר, אַרום איר, אַרום די קינדער, שטייען מיר אין גאָרגל און וואַרגן מיך. ניט איינשלינגען, ניט אַרויסוואַרפן. כאָטש צוריק געגרעדט, וועמענס עסק איז עס? איך, קלעמענטאָ בענקמאַן, האָב אַ רעכט וווינען ווו מיר ווילט זיך, איך צאָל פאַר דעם און אויך פאַר מיינע קעסט.

# אַ ניט אויסגעזונגען ליד

ווען איך, קלימענטאַ בענקמאַן, קום אין אַ רעגירונגס־אַנשטאַלט און מען פרעגט מיך דאָרט: באַרוף, סעניאָר? ענטפער איך מיט אַן אָפענעם שטאָלץ: קאָמערציאַנט!

כאָטש מ׳שטיינס געזאָגט, וואָסער קאָמערציאַנט בינכ׳ס?

איך מיט מיין יידענע זענען מיר קרעמער. מיר האָבן אַ קלייטל אין אַ פאַרוואָרפענעם אונטערשטאָטישן געגנט אין וועלכן ס׳איז פאַראַן עט-וואָס פון אַלעמען, ווי זאָגט זיך דאָרט אין קטורת: פון אינדיק-זאָמען ביז טייוולס-קויט.

איך פאַרשפּאָר ,אָבער, זיי צו מישן, ווי יענער כהן-גדול, — זיי מישן זיך אַליין.

עס פלעכטן זיך סטענגעס מיט זעקלעך און שקאַרפּעטן מיט פּולווער־זייף..

מאַכט זיך, איך באַדאַרף צו האָבן טייוולס-קויט, קריכט דאַמאָלס אונטער די הענט נאָר אינדיק-זאָמען, כאָטש שריי געוואַלד!

דרייען דרייט זיך דווקא אַ קונה אין מיין קלייטל.

אַלע שכנים האָבן ליב קומען, אַ טאַפּ טון די אָדער יענע סחורה, פּרעגן אַ פּרייז, נאָר קויפן גייען זיי אויף דער הויפּט-גאַס פון געגנט. דאָרט זענען פאַראַן גרויסע קראָמען מיט פיין אויסגעלייגטע שטאָפן; דאָרט שטייען אויסגעפּוצטע קאַוואַלירן, אָנגעפּודערטע פריילינס אַלס אָנגע-שטעלטע. זיי פאַרמאָגן איידעלע מאַנירן און דערצויגענע דינסט־גרייטקייט. די סחורות דאָרט לאָקן דאָס אויג, בעטן זיך ביי די קונים: קויף מיך, מיירינקע, ווי שיין וועסטו זיין אין מיר אַלס קלייד!

דאָרט פּאַסט אוודאי ניט צו דינגען זיך. ווער ווייס? אפשר מיינט

נאָר דער ליבער קאַוואַליר אַז איך בין אַ פרייַלן פון הויכן שניט, אַ דאַמע א ווילגעבוירענע? ווי פּאַסט זיך צו דינגען דאָרט?

קוים איך צי די חיונה פון מיין „קראָם". איך האָב דעריבער געגוג פרייע צייט, פשוט זשמעניעסווייז צו וואַרפן אין די גאַסן, געניס איך מיר לייענענדיק גאַנצע טעג.

אַלע שכנות חוזקן און פרעגן: — דאָן קלימענטאָ, וואָס טויג דיר אַזוי פיל ביכער? נאָר דו לייענסט און לייענסט; מאַך בעסער אָרדענונג אין דיין געשעפט...

עס לאַכט און חוזקט ניט נאָר די נייע שכנה, דאָניאַ אַאידאַ דע בראַנפּ-מאַן. זי ווייס גראַדע, אַז קיין קרעמער פון באַרוף בין איך ניט, אַז ליבערשט איז מיר דורכצושמועסן זיך מיט די, וועלכע ליגן איינגעקוועטשט צווישן די בלעטלעך אין מיין צעבראָכענעם ביכער־שראַנק איידער פּלוידערן מיט די שכנות אָדער פּאָרקען זיך אין קלייטל.

קומט זי זיך אַריין אַזאַ באַשיידענע, אָנגעטון אין שוואַרצן, נאָך איר פאַרשטאָרבענעם מאַן. די שוואַרצע בלוזע פאַרשפּיליעט העט ביז צום מאַרמאָר-האַלדז. איר צו לענגלעך נעזל היט דאָס שמאָלע מיילעכל מיט די פּיצעלעך ליפּעלעך זאָלן חלילה אינגאַנצן ניט סטשעזנעט ווערן.

אַ באַהאַלטענער סוד איז טיף באַגראָבן אין אירע קעציש‏ע אויגן, אין איר קיילעכדיק, פרוואַיש צוזאָגנדיק פּנים. אַ סוד פון די עטלעכע אין פערציק יאָר צערונענע אין גרויס נחת; אַ סוד פון געחלומטע גליקן אויס-גערונענע; פון פרויאַישע פאַרשוועכטע נעכט ערגעץ אַמאָל אין דער יוגנט; פון ניט אויסגעזונגענעם ליד פון לוסט.

גיי ווייס אַלע סודות פון קעצישע אויגן, פון אַ פּנים אין די פערציקער.

בכלל בין איך, קלימענטאָ בענקמאַן, אַ קנאַפּער רעדנער. מיין פרוי חנה'קע קלאָגט זיך אָפט, אַז זי מוז אַרויסרייסן פון מיר יעדעס וואָרט מיט צוואַנגען...

קומט אָבער אַריין אין געשעפט די נייע שכנה אַאידאַ עבּעס קויפן, ווילט זיך מיר רעדן און רעדן; ניין, ניט עס ווילט זיך מיר, נאָר ווי אַ קוואַל פון ווערטער וואַלט מיט אַמאָל פּאָנטאַנמעסיק אַ זעץ געטון פון מיר און איך רעד און רעד...

פון וואָס?

גיי געדענק! פון ליטעראַטור, פון פילאָזאָפיע; איך ציטיר לידער ועלייענטע און וואָס ניט?

אָרעמע חנה מיינע! ווי גרויס און לאַנג זי איז, אַזוי ווערט זי דאַ־מאָלס איינגעשרומפּן און איינגעשרומפּן אין צענטן און סטאַיעט ניט.

בכלל געשעט, ווען מיין פרוי דערשמעקט אַ קליענט אין קלייטל, מעג זי זיין ווי פאַרנומען, מעג זי האָבן די הענט פאַרטון אין טייג, אין געקעכטס, גיט זי זיך אויף גיך אַ רייניק אָפּ און וואַקסט אויס לעבן מיר. זי ווייסט: איך וועל אַזוי לאַנג מיך פּלאָנטערן צווישן די צעריבענע שאַכטלען, אַזוי לאַנג זוכן דעם געבעטענעם אַרטיקל, ביז דעם קליענט וועט נמאס ווערן און וועט אַוועק...

זי ווייסט: איך רעכן גיך, געשווינד מאַך איך די שווערסטע חשבונות, נאָר ביים רעשט־געבן בין איך מיך אָפט טועה לרעה מיר. האַלט זי אַ וואַך אויג איבער איר קלימענטאָ און וואַקסט באַלד אויס...

נאָר ווען דאָניאַ אַאידאַ קומט אין געשעפט, סטאַיעט זי ניט. דער אַלטער, נאַרישער דאָן קלימענטאָ פּלאַפּלט דאַמאָלס ווי אַ יינגעלע...

אַלטער? בין איך דען אַזוי אַלט?

ביי עטלעכע און פופציק יאָר הייסט מען ניט אַלט, דאָס זענען די באַמע מיטלסטע יאָרן.

אָפּטמאָל צינדט זיך אין מיר אָן די רציחה און מיר ווילט זיך אַ געשריי טאָן איבער אַלעם און אַלעם: און אַז אַלט איז וואָס?

טאָר איך ניט אַרויסלייענען פון קעצישע אויגן געשיכטעס פון טויזנט און איין נאַכט? טאָר איך ניט אַריינשרייען אין זיי פאַרקלעמטן ווייטיק?

אָבער דאָניאַ אַאידאַ קויפט וואָס זי באַדאַרף, מאַכט אירע באַמער־קונגען וועגן דעם אָדער יענעם ענין נאַנאַ־מעסיק, עפנט מיט אירע פוכיקע, נאָך יונגע גלאַטע הענט די טיר, שטייט אַ ווײַלע ביז איך, קלימענטאָ רייס איבער מיין שיטן און גייט זיך.

מיין חנה איז ווידער דאָ, נאָר מיט רויטע פאַרוויינטע אויגן. איר בערדל מיט די בראָדעווקעס ציטערט אונטער ווי ביים שלוכצן. אירע פאָ־דערשטע צוויי גרויסע ציין איינגעשניטן אין גראָבער ליפּ, איר לאַנג אויפ־געצויגן פּנים דורכגעשניטן מיט קנייטשן, געל, מאַטעווע געל, איינגעהילט אין טרויער, אין יידישן איינגעגעסענעם טרויער, וואָס נעמט אַדורך ווי אַ דריבנער קאַלטער רעגן.

קלימענטאָ בענקמאַן ווערט דאַמאָלס אַ גאַנץ אַנדערער: אויס דאָניאַ אַאידאַ, אויס ליטעראַטור, אויס ציטירטע לידער; פאַר מיר שטייט דאַמאָלט

מיין געטרייע חנה, מיין מוטער און פרוי, מיין באַגלייט-מלאך, וועלכער היט מיך ווי איר אייגן לעבן.

אַזאַ איז זי געווען אין ערשטן מאָמענט, צוריק מיט 25 יאָר, ווען צופעליק, ביי זיי אין שטוב, בין איך אוועקגעפאַלן, פאַרלירנדיק דעם באַוווּסטזייַן, שרפנדיק פון היץ...

גאַנצע נעכט איז די מיאוסע לאַנגע חנה'קע געשטאַנען איבער מיין בעט, זיך איינגעקלאַמערט מיט אירע ציין און נעגל אין שוואַכן לעבן און עס ניט אָפּגעלאָזט און עס מיר צוריקגעגעבן. אַזאַ איז זי נאָך היינט! כ'איז גענוג אַ קרומע מינע מיינע, ס'איז גענוג אַ נאַרישע גריפּע, אַז זי, חנה, זאָל ווערן אַלאַרמירט, טעלעפאָנירן צוביידע זין און רופן דאָקטוירים איינעם נאָכן צווייטן, ווען זי גלויבט ניט...

אַזאַ איז זי, מיין חנה!

און איצט שאַרט זי זיך אַרום אַ באַצערטע, אַ פאַרחושכטע, אַ שולדיקע. יאָ, אַ שולדיקע, גלייך ווי זי זאָל האָבן באַגאַנגען אַ געוואַלדיקן פאַרברעכן קעגן מיר.

איך, קלעמענטאָ, וואָלט דאַמאָלס אוועקגעגעבן אַלע אַאידאַס מיט זייערע פייערדיקע רויט־גאָלדענע האָר, מיט זייערע פולע פּנימלעך, עטוואָס באַשיטע מיט באַטעמטע קלייען, מיט זייערע אויגן וועלכע בייטן די קאָלירן ביי יעדער שטימונג פון העל-בלוי ביז גרין מיט אַ בורשטינענעם גלאַנץ ווי ביי די קעץ; אַלע אַאידאַס פון דער וועלט פאַר איין רואיק־געוואָרענעם בליק פון מיין מיאוסער לאַנגער חנה'קע מיט די בראָדעווקעס אויף איר פאַריסענעם נעזל...

דאַמאָלס זיץ איך איבער אַ בוך גאַנצע שעהן, לייען איין און די זעלבע שורה טויזנטער מאָל און פאַרשטיי ניט אַ וואָרט, דאַכט זיך די זעלבע שורות אין יידישן לשון, דער זעלבער שריפט, אָבער זיי ווערן אויסטערליש און אומפאַרשטענדלעך..

זיי שפּרינגען מיר אין פּנים, ווי צערייצטע הינט, זידלען מיך און שעלטן:

— קלימענטאָ, אידיאָט! קלימענטאָ, אַלטער תרח! ווער פאַרברענט, קלימענטאָ, ווער צעגאַנגען ווי אַ קנויל רויך אין לופט; ווער...

איך פרעג ביי מיר: ווו איז זי געווען צוריק מיט יאָרן, ווען איך בין געקומען אין לאַנד?

מיר זענען דאַמאָלס געווען ביידע יונג און זי האָט געוווּסט, אַז איך זינג איר נאָמען אויס אין טויזנטער מעלאָדיעס און ווערטער.

בין איך דאמאָלס איר ניט אָנגעשטאַנען, האָט זי דאמאָלס געחוזקט פון מיר, פון דעם גרינעם; דאמאָלס האָט זי געהאַט אַ צוויטן.

גערענקסט, קלימענטאָ, סאַלאָמאָנען?

ווי זיי ביידע פלעגן שפּעטן פון דיר, אריינזאָגן שטעכווערטלעך? אַפֿלאַכן, פלעגן זיי ביידע פון דיר, דעם גרינעם!

צו אַלדי שווארצע יאָר זיי ביידן!

איצט, ביים זון־פארגאַנג פון ביידנס לעבן, האָט זי זיך באוויזן פלוצים אַ דערדריקטע, אַ נאָכגיביקע און שטשירעט אירע בלוי־גרינע אויגן אויף מיר!

צו אַלדי רוחות!...

איך, קלימענטאָ בענקמאַן, האָב אַן אויסגעצערוווט מיטל מיך צו באַרואיקן: ווען איך ברויך, שלעפּ איר ארויס פון באהעלטעניש, ערגעץ ביי מיר אין מח, אַ סוד, אַ סוד וועגן קאָסמאָס, וועלכן איך האָב דערגרייכט.

אַליין אים דערגרייכט, אַליין אים אויסגעחלומט און דינט נאָר מיר אַליין, דעם אָנוווערטערדיקן קלימענטאָ בענקמאַן, מיך צו באַרואיקן. שלעפּ ארויס, קלימענטאָ, דעם סוד און קיי אים נאָך אַמאָל און מעלה־גרה אים איבער און באַרואיק דיין זיידנס כעס און דיין טאַטנס צער אין דיר...

שלעפּ ארויס, שלעפּ ארויס דיין טראַכטעניש וואָס טראַכסט דאָרטן: די אין־סוף־יקע קייט פון סבות, געשעענישן און ווידער סבות זענען אַבּסאָלוט ניט אויפנעמבאַר פארן באַגרענעצטן מענטשלעכן מוח.

זיי זענען דעריבער איינס פון די אומענדלעכע מהותן פון דעם גרויסן פראַגע־צייכן וואָס מענטשן רופן גאָט און אַנדערע: קאָסמאָס.

דער מענטשלעכער ווילן אין אַזאַ פאַל איז נאָר אַן אויבערפלעכלעכע אַפּנארעריי פון נאַטור, נאָר אַן איינרעדעניש אָן וועלכן עס וואָלט אָפּגעשטעלט געוואָרן דער קיום פון דורות, פון אַלע באַשעפענישן.

אומזיסט דאָס היצן זיך, קלימענטאָ!

די עפּיזאָדן און סיבות פון יעדן פערזענלעכן לעבן, פון ווערעמל ביז מענטש, זענען נאָר פּיצימאָנציקע רינגעלעך אין דער אומענדלעכער, ניט באַגרייפבארער קייט אַלס מהות.

אַזוי האָט געמוזט געפּורעמט ווערן דיין לעבן, קלימענטאָ!

פארוואָס?

דאָס איז שוין ניט פארן באַגרענעצטן מענטשלעכן דערזען!..

נאָך אַזאַ רעזאָנירן ווער איך רואיק.

א שטילע מיושבדיקייט באַזהערשט מיין וועזן.
אזוי האָט געמוזט זיין, ווארום אזוי איז געווען!
איך בעט דאמאָלס איבער מיין ליבע חנה און קוש איר אוים אלע בראָדעווקעס ווי א ייִנגעלע.
לייען איך מיר ווידער ביכער אַלערליי און ווארט רואיק אויף קונים, וואס קומען ניט אין פארוואָרפענעם ווינקל פון אונטערשטאָטישן געסל „קאטשוסא".
איך ווער צוריק דער אלטער קלימענטאָ!
אַלטער? רואיק?
ווער געדענקט ניט, אין „אקדמות", די פאָעטישע אויסגעזונגענע „ווען"ען?:

„ווען אלע ימים זאָלן זיין טינט,
„ווען אלע וועלדער — פענעס,
„ווען אלע הימלען — פארמעט...

איז אָט מיט דעם זעלבן צער התלהבותדיקן קאַנאָניזירטן ניגון זינג איך מיר אונטער:

ווען די גאנצע וועלט זאָל זיין א פולווער־פאַס
ווען פון אלע זייטן וואָלט זי געהאט קנויטן
וואָלט איך, קלימענטאָ א צינדער צוגעטראָגן,
זי אויפגעריסן מיטן קאָפּ אין דר'ערד...

ווער דארף זי, דאָס מיאוסע באשעפעניש?
אין טיכן אייגענעם בלוט באָדן זיך אירע מענטשן; אין אייגענעם ווייטיק פרעגלט זיך איעדער באזונדער, אין שמוץ און נארישקייט איז איינגעוויקלט זייער באוווסטזיין!
פול מיט געטשקעס איז זי, די וועלט!
ס'איז נאָר צום לאכן!
שטייען זיך קלוגעטשקע מענטשעלעך, באשאפן זיך מיטן גאנצן ערנסט געטשקעס, פאלן פאר זיי אויף די קניען: קדוש, קדוש, קדוש!...
מיין געטשקע איז גאָר; דיינער גארנישט!
בעטן ביי זיי אלדאָס גוטס פאר זיך!
בעטן ביי זיי אלדאָס בייז פאר יענעם!

און דאָך איז זי שיין מיט טויזנט חנען !
און דאָך פּינקלט זי מיט אומצאָליקע קאָלירן !
איין קאָליר אזא שוועבט מיר פאַר די אויגן — אאידאַ !

איר שלאַנקע, גלייכע פיגור, איינגעפּאַסט אין אַ שוואַרצן שניידער-אַנצוג, האָט אַלע זיסקייטן פון יונגפרוי, כאָטש זי איז שוין אין די טיפע פערציקער. איר דין רוימיש נעזל איז אַזוי צוזאָגנדיק און חוצפּהדיק; זי איז תמיד טויט ערנסט, נאָר שיטערע קלייען אויף איר העל-רויטלעכן פּנים לאַכן תמיד און מען ווייסט ניט צי לאַכן זיי פון עמעצן, צי ווילן זיי אייך מאַכן לאַכן...

כ׳ווייס ניט ווען זי האָט באַוויזן אַזוי פיל צו לייענען און לערנען.

איך האָב זי געקענט צוריק מיט יאָרן ווי אַ פּשוט לייכטזיניק אַר־גענטינער יידיש מיידל.

באַגלייך מיט אַלע האָט זי ליב געהאַט טאַסגאָס, יינגלישע קעפּ גלאַנ-צנדיקע פון גומי-פּעטס, ווי געפּוצטע שטיוול.

זי פּלעגט שטיין ביי דער טיר מיט סאַלאָמאָנען, זיך טוליענדיק אין אים.

איצט איז זי אַ באַוווּסטזיניקע געלערנטע פרוי; זי גלויבט אין גאָט.

איך טענה צו איר: אין וואָסער גאָט גלויבסטו ? מיט אַ באָרד און פּיאות ?

פּראָטעסטירט זי. זי גלויבט אין אַ קראַפט אַזאַ, וואָס רעגירט מיט אַלעם.

פרעג איך זי: באַנעמסטו די קראַפט „דיינע״, וואָס רעגירט? איז זי אויסערן קאָסמאָס אָדער אינערהאַלב אים ?

זי ווייסט ניט, קיין מענטשלעכער מוח קאָן ניט באַנעמען גאָט.

אָט־אָט, כאַפּ איך אונטער אירע אייגענע ווערטער, קיין מענטשלע-כער געדאַנק קאָן ניט באַנעמען... איז וואָס־זשע שייך גלויבן ?

גלויבן איז אַן איינגערעדטע פאַנטאַזיע, אַליין אויסגעפּורעמטע פאַר־שטעלונג וואָס דערגרייכט תמיד ביז אַבסורד, ביז הימל אַלס ווײַנונג מיט איינגעאָרדנטע קאַנצעלאַריעס... מיטן גן-עדן און גיהנום...

אַ מענטש, טענה איך, מוז זיך באַנוגענען מיט אויפכאַפּן נאָר איינ-ציקע מהותן, וועלכע זענען פאַר אונדז דערגרייכבאַר נאָר אין זייערע באַ-גרענעצטע טיילן, ווי, למשל: רוים, צייט, דענקען, ענערגיע, קייט פון גע־שעענישן, געזעצמעסיקייט...

װעמעס מהותן? — פרעגט זי מיט אַ שמײכל, גלײך זי זאָל מיך האָבן געכאַפּט אין אַ סתירה.

איך װאָלט אױפן אָרט פון װאָרט „גאָט״, גענוצט דאָס װאָרט „כ׳װײס ניט״; אַזױ אַרום װאָלט איך פּינקטלעך אױסגעדריקט מײן אָרט דענקען װעגן קאָסמאָס.

נאָר דאָניאַ אַאידאַ האַלט שױן איר האַנט אױף דער קליאַמקע און אײדער װאָס-װען איז זי אױס.

מאַכט זיך אָבער, זי גיט אַ פאַל אַרײן אין קלײט װי אַ װיכער. ניש־טערט איבער אַלע סחורות, רעדט אַפילו ניט פאַרשטענדלעך און אַנטלױפט.

אירע אױגן זענען דאַמאָלס גלאַנציק, היפּער-פרײלעך, איר נעגל רױטלעך טראָציק און איר גאַנץ פירן איז אַרױסרופנדיק, װי זי זאָל עמעצן טאָן צו-להכעיס...

אָ, איך, קלימענטאָ בענקמאַן, באַנעם גוט די לאַגע.

די כיטרע אַאידאַ קאָן ברענגען צום גרעסטן אומגליק!

קלימענטאָ, טענה איך צו מיר, אַלע יאָרן האָסטו זיך געלערנט צװי־מען די לײדנשאַפטן, גײן מיטן װעג דעם גרינגסטן און מנוחהדיקסטן און אױף דער עלטער לאָזסטו זיך כאַפּן אױף דער װענדקע, לאָזט זיך פאַרפּי־ן װער װײס צו װאָסערע צילן?

איך האָב באַשלאָסן: אַ סוף!

זאָל זיך דאָניאַ אַאידאַ זוכן אַן אַנדער קרעמער; זאָל זי מיט איר מאַדאַנישן פּרצוף פּראַװען שטיק מיט אַ צװײטן און פירן מיט אים אינ־טערעסאַנטע שמועסן...

איך װעל ניט דערלאָזן זי זאָל מיר אַװעקהרגענען הנהקען! זי איז מיר אַזױ אױך אין די לעצטע עטלעכע װאָכן אױסגעדאַרט געװאָרן און ס׳פאַרקלעמט דאָס האַרץ זי אָנצוקוקן.

אינטערעסאַנטע שמועסן?

איך האָב אין איר אַ פאַרשטענדלעכע געדולדיקע צוהערערין, װעלכע גיט מיר די מעגלעכקײט מיט מײנע װײניקע װערטער אױסלײטערן און קלאָר מאַכן פאַר מיר און איר אַלע געדאַנקען און אױפפאַסונגען מיט װעלכע איך טראָג מיך אַרום שױן יאָרן און יאָרן.

דורך אירע זאַכלעכע באַמערקונגען זע איך אײן װו איך האָב געגרײזט און װו איך האָב אַדורכגעלאָזט בלױזן.

מיט אײנער אַזאַ באַמערקונג האָט זי שיער ניט איבערגעקערט מײן גאַנצן בנין װעלכן איך בױ שױן יאָרן און יאָרן.

זי האָט איינמאָל אַ זאָג געטאָן: איר לאַכט פון אַ פּערזאָניפיצירטן גאָט. אויב ענערגיע קאָן אין איינע פון אירע פאָרמען (אַלס מענטשלעכער מוח) ווערן פּערזאָניפיצירט, פאַרוואָס זאָל „ענערגיע אין סוף״ אַלס מהות פון... גו „כ׳וויים ניט״ ניט זיין אַן אומענדלעכע פּערזאָניפיקאַציע?

איך בין געבליבן צעטומלט עטלעכע טעג ביז כ׳האָב מיך אָריענטירט: איר באַנעמען די מהותן נאָר אין זייער באַגרענעצטער פאָרם, און פונקט ווי מיר האָבן ניט קיין פאָרשטעלונג פון צייט אין איר אומענדלעכקייט, אַזוי קאָנען מיר ניט באַגרייפן פּערזאָניפיצירונג אין אומענדלעכקייט...

איך האָב מיין באַשלוס שטרענג דורכגעפירט.

זאַכלעך, קרעמעריש איז אויפגענומען געוואָרן דאָניאַ אַאידאַ ביי מיר אין קלייט. אָפטמאָל האָב איך מיך באַהאַלטן, שיקנדיק מיין חנהן זי באַהאַנדלען.

מיין חנהקע!

זי האָט גאָר נישט געוווּסט ווי אַרום אויסדריקן איר דאַנקבאַרקייט צו מיר. אַלע וויי̇ל האָט זי גענישטערט מיט אירע אונטערטעניקע אויגן אויב איך וויל עפּעס, אויב איך באַדאַרף עפּעס. אויף די שפּיץ פינגער האָט יי זיך געשלייכט פון צימער אין קלייט און פון קלייט אין צימער, זי זאָל מיר ניט שטערן מיין לייענען און, ווי אַ קאַץ, קוים באַמערקבאַר צוגעטו־ליעט איר קערפּער צו מיינעם דורכגייענדיק; ויי אַ קאַץ מיך באַטראַכט מיט אירע טעמפּע פייכטע אויגן אַלס אייגנס און דאָך העכערס, נאָענטן און דאָך אומפאַרשטענדלעך...

אַלץ איז אַוועק אין רוטינישן שפּאַן.

ווידער האָבן קונה׳טעס געלאַכט ווי איך, קלימענטאָ בענקמאַן, צי דעם גומי־פאָדים פון פאַרפּלאָנטערטן קנויל, בכדי אַ פּאָר מעטער אָפּצומעסטן; ווי איך זוך מיט מיינע קורצזיכטיקע אויגן אַ פּאָר ניילאָן־זאָקן און געפין זיי ניט אין די צעפּאָרענע שאַכטלען. נאָר קיינער האָט ניט געהערט, ווי ערגעץ־ווו אין מיר באַהאַלטן, אין די טיפע טיפענישן מיינע, האָט עמעץ געוויינט, געוויינט אין געמאָרדעוועט זיך, זיך געראַנגלט פאַרביסן מיט אַלע כוחות, גלייך מען זאָל דריקן און שטיקן.

זיי האָבן דאָס ניט געהערט און ניט געפילט...

עס איז געווען אין אַ אָסיענדיקן אָוונט.

טויט איז געווען דאָס געסל „קאַטשוסאַ״ אין אונטערשטאָט־טייל. אַ געדיכטע בינצטערע ליידיקייט האָט אַרום זיך געשפּרייט און ווער ווייס

װוּהין זי האָט געפירט. דאָ און דאָרט האָט אַ גאַסן־לאָמפּ זיך געשאָקלט מיט איר טונקעלער ליכט און נאָך מער אונטערגעשטראָכן דאָס פינצטער־ניש אַרום, דאָס פּייכטע פינצטערניש װאָס האָט געלויערט, געלויערט אויף עמיצן, אַליין ניט װיסנדיק אויף װעמען.

איך בין געזעסן בײַ דער טיר פון מײַן קלײטל אַליין און אַרויס־געקוקט.

אַ װינטל האָט געדרייט דריבנע טראָפּנס רעגן אַרום די טונקעלע לאָמפּן אין גאַס און מיט זײַ מיטגעטאַנצט אַ משונהדיק טענצל און שוין זענען נײַע טראָפּנס אונטערגעקומען, זיך געדרייט און געפרייט.

גרויע, געדיכטע כמאַרעס האָבן נאָך פון בייטאָג באַהאָנגען דעם הימל, אַראָפּגענידערט העט אַראָפּ צו די דעכער און געדריקט דאָס געמיט.

מיר האָט זיך געדאַכט, אַז אויך איך, קלימענטאָ, דריי מיך און דריי מיך אַרום עפּעס טאַנצנדיק אַ טענצל באַגלייך מיט די טראָפּנס.

קאָן זײַן, האָב איך געטראַכט, שוין צייט אַראָפּצופאַלן...

איך בין געזעסן אַליין אויף דער שװעל פון מײַן קלײטל, אויף דער פּוסטער גאַס מיטן אויסטערלישן נאָמען „קאַטשוסאַ".

אַ װאָגלער־הונט, געטריבן פון נעץ און קעלט איז אָנגעלאָפן מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן עק, זיך אָפּגעשטעלט בײַ מײַן טיר אָן גרויסן צוטרוי.

ער האָט געװאַרט; קאָן זײַן — אַ קלאַפּ, קאָן זײַן — אַן עס מיט אַ גלעט; באַלד זיך מיישב געװען און יאושדיק אַװעק אין דער װײַטערדיקער פינצטערניש.

מיר האָט זיך געדאַכט, אַז פון דער גרויסער װעלט איז געװאָרן אַ פּיצינקע קליין װעלטעלע, פון מײַן טיר ביז אין געדיכטער פינצטערניש, װעלכעס רוקט זיך אויף מיר, מאַכנדיק ענגער און ענגער דעם קרייז ביז מיך צו פאַרשלינגען.

אַ פרוי פון צװײטן עק גאַס האָב איך דערזען, שלעפּט זיך און אײַלט זיך אונטערן רעגן גלײַך צו מײַן טיר.

כ'האָב זי דערקענט. ס'איז געװען דאָניאַ אַאידאַס װירטין.

זי איז אַרײַן אין קלייט פאַרסאָפּעט און אין איין אָטעם אויסגעשאָסן:
— דאָן קלימענטאָ, גיכער, עפּעס אויסטערלישעס איז געשען מיט אײַער לאַנדסמאַנקע!

איך האָב אויף גיך פאַרשלאָסן די קלייט און אַװעק מיט דער פרוי.
איך האָב פאַרגעסן מײַן רעומאַטיזם, פאַרגעסן אַז דער דאָקטער האָט

מיר פֿאַרזאָרגט זיך היטן פֿון נעץ, פֿאַרגעסן אין מיין אסטמאַ, װעלכע קאָן מיך נאָך אַזאַ אַװאַנטורע צוקאָװען צום בעט אויף טעג און נעכט, פֿאַר־געסן, אַז מיין פֿרוי קאָן אַ ליאַדע מינוט קומען פֿון איר באַזוך ביים זון און ניט װיסן װוּ איך בין. זי װאָלט, אין דעם פֿאַל, אָן די שליסל געבליבן פֿאַ־צװייפֿלט אונטערן רעגן; איך בין געלאָפֿן און די פֿרוי נאָך מיר איבער די קאַלוזשעס, איבער דעם טייך װאָס האָט זיך פֿאַרמירט אויף אַ ראָג גאַס.

איז מיר די צייט געװען לאַנג?

האָט דער װעג מיר אויסגעװיזן אומענדלעך?

בין איך געװען פֿאַרזאָרגט?

איך געדענק איצט גאָרניט, איך געדענק בכלל ניט אויב מיין באַ־װוּסטזיין האָט דאַמאָלס פֿונקציאָנירט! ניין, דאַכט זיך, אַז ניט!

מער ניט די פֿיס מיינע, קלימענטאָ בענקמאַנס אַמאָליקע גרינגע פֿיס, דאָבן זיך צעלאָזט איבער בלאָטע און רעגן.

אין קאָפּ האָט געזעצט, גלייך אַ גאַנצע פֿאַבריק װאָלט זיך אין אים איינגעאָרדנט און: כ׳האָב נאָר געהערט װי די גויע הינטער מיר שרייט:

— נאָ קאָררע טאַנטאָ, דאָן קלימענטאָ, קע לאָקאָ!..

אין דאָניאַ אַאידאַס רייך-אויסגעשטאַט צימער האָט זיך פֿאַר מיר אַנטפּלעקט אַ בילד ביי מיין אימפּעטיקן אריינקומען, װאָס האָט מיך פּאַ־ראַליזירט.

מיין בלוט איז, װייזט אויס, פֿאַרגליװערט געװאָרן און אויפֿגעהערט זעצן אין מוח מיט געיעג.

איך בין געבליבן שטיין װי געלעמט, ניט קאָנענדיק רירן קיין אבר. אויסגעצויגן איז געלעגן אַ פֿרוי אויף דער ערד, גלאָצנדיק אירע בלויע אויגן פֿון שרעק אויסגעשטאַרצט, כמעט אַרוים פֿון די אָרביטן; דאָס קליינע מיילעכל פֿאַרקרימט אויף אַ זייט, באַדעקט מיט װייסן שוים.

ניין, דאָס איז ניט געװען אַאידאַ, די רייצנדע פֿרוי, מיט אירע אויסגע־פֿורעמטע ליניעס, מיט די ליכטיקע קלוגע אויגן, מיט איר מאָנאַשקע־צניעותדיקן אויסזען. פֿאַר מיר איז געלעגן אַ באַשעפֿעניש באַהערשט פֿון גרויל.

זי האָט זיך דאָ איינגעקאָרטשעט, דאָ אויסגעצויגן אין שרעק און נאָר געװיזן מיטן פֿינגער אויף דער װאַנט, גלייך פֿון דאָרט, פֿון דער װאַנט אַראָפּ, װאָלטן אַ מחנה געשפּענסטער מאַרשירט אויף איר.

זי האָט שטיל געמורמלט און זיך געבעטן װייזנדיק אויף דער װאַנט:

דאָרט איז ער! דאָרט!!! דאָרט!!!
ער גייט אויף מיר!
ער גייט אויף מיר, מיט זיין אָפן מויל!
ער גייט אויף מיר!!! ראטעוועט!!!

איך האָב געקנייט לעבן איר, מיט מיין טיכל איר אויסגעווישט דאָס מויל און אפשר א לייכטן קוש געטון; מיט מיינע הענט איר אויסגעקירע-וועט דאָס פּנים, מיט די אַרויסגעזעצטע אויגן, צו מיר, און טיף, טיף אין ייי אַריינגעקוקט.

מעגלעך, כ׳האָב אויפס כוח געוואָלט זי באַרואיקן פון האַלוצינאַציעס, אָדער אפשר גאָר מיט מיינע אויגן געוואָלט אויסלעקן פון איר דעם גרויל און שרעק, ווי אַ הונט לעקט אויס זיינע אייגענע וווּנדן מיט דער צונג...

זי האָט עטוואָס זיך באַרואיקט און איך מיטן ווירט האָבן זי אוועק־געלייגט אויף איר שיין אויסגעצירטן בעט.

אין גאַס האָט זיך צעקרעכצט מיט קולי-קולות די גיכע הילף, וועלכע דער ווירט האָט געהאַט אַרויסגערופן, און שטיין געבליבן לעבן דער טיר.

דער יונגער דאָקטער האָט איר געמאַכט אַן איינשפּריצונג, פון וועלכן זי איז באַלד איינגעשלאָפן.

א שאָק פון ווייסן פיבער, האָט ער אונדז דערקלערט; ווייזט אויס, האָט ער צוגעגעבן, די פרוי מוז שוין פון לאַנג איבערכאַפּן די מאָס פון ביטערן טראָפּן...

איך האָב מיך געשלעפּט צוריק אַהיים.

אינדרויסן האָט דער רעגן איצט געגאָסן אָפּטער און געדאַכט האָט זיך, אַז אַלעס, אַלעס וועט באַלד פאַרוואַנדלט ווערן אין פליסיקייט און רינעך און רינען... אַז אויך איך, קלימענטאָ בענקמאַן, וועל באַלד ווערן אַ שטראָם, ניין, אַ קליין שטראָמעלע, וואָס וועט רינען לאַנגזאַם איבערן ואָס און אָנשלאָגנדיק זיך אין אַ העל־רויט פּנים מיט קלייען, מאַכן: קלו, קלו, קלו...

# מיניאַטורן

## א. נישטאָ

דער גייער גייט איבער פעלדער און זומפּן שווייגנדיק און איינזאַם, טראַכטנדיק זיינע מחשבות.

זינגענדיק רעדן צו אים פייגל אויף זייער קלוגער שפּראַך, דופטנדיק שעפּטשען אים בלומען סודות און ער שווייגט און שווייגט, שפּאַנענדיק איינזאַם און רואיק.

האָט זיך זיין איינזאַמקייט פאַרוואַנדלט אין אַ באַגלייטער וואָס פּלאַפּלט און פּלאַפּלט...

עס לויפט פאַר אים ווי אַ הונט, שטעקט אַרויס אַ צונג און רייצט זיך, רעדט און פרעגט זיינע קשיות:

— וווּהין גייסטו, גייער?

— דאָ און דאָרט איז איינס!

— וווּהין גייסטו, גייער?

— דו ביזט איינער דאָרט און דאָ!

דער גייער האָט געמוזט ברעכן דאָס שווייגן און געענטפערט.

— ניטאָ קיין דאָ און דאָרט, ניטאָ קיין איך! עס איז פאַראַן אייביקע באַוועגונג און אייביקע באַהעפטונג און צעשיידונג; „איך", „דאָ" אין „דאָרט" זענען נאָר אַ טייל פון דעם.

אַלע ווערטער זענען איבעריק, דערום שפּאַנט דער גייער זיין וועג און שווייגט.

## ב. „גורל"

דער בעל שם טוב האָט געגראָבן דאָס ליים אין אַ טיפער הייל, בכדי דאָס צעפּירן צווישן די בעלי-בתישע שטובן — אַ דרייער אַ זאַק.

רו און מנוחה איז געווען אויסגעגאָסן אויף זיין פּנים, אויף זיין לאָפּעטע, אויף דעם ליים. ער האָט געטראַכט: איך, די לאָפּעטע, דאָס

ליים, זענען מיר אײן און דיזעלבע קראַפט פון גאָט, פון אומבאַגרײפ־בארער אַלמעכטיקײט, פון אומענדלעכן „רצון".

ניט װײט פון גרוב האָט געשמאַק זיך געפּיטערט זײן פערדל, גע־שפּאַנט אין װעגעלע, ביז אַ פרעמדע האַנט האָט דאָס פאָרן צום געפירט פאַר זיך, פאַר אײגן נוצן דורך גנבה...

דער בעל שם טוב איז געבליבן שטײן לעבן זײנע אָנגעזאַמלטע זעק ליים, אָן דעם פערד און װאָגן.

אַ מנוחה איז געװען אויסגעגאָסן אויף זײן פּנים, אויף די זעק ליים און ער האָט געטראַכט:

פון גאָט פאַרװאַנדלט זיך קראַפט אין מענטש און פון אים שטראַלט אַרוים די אין-סוף׳איקע קײט פון געשעענישן װאָס הײסט גורל.

אַזוי האָט געטראַכט דער הײליקער בעל שם טוב און געטאַסקעט די זעק ליים אויף די פּלײצעס פאַר אַ דרײער אַ זאַק אין די בעלי־ביתישע שטובן.

## ג. פאַרלאָזט

די בראַמאַנען האָבן אַרומגערינגלט דעם סאַמאַנא לערער, פאָדערנ־דיק פון אים גאָטס װאָרט:

— „עפן אויף, אָ הײליקער, פאַר אונדז דורשטיקע די קװאַלן פון דערקענטעניש"!

—„דערקװיק מיטן תמצית פון דײן שאַרפן קלאָר-זען, אָ סאַמאַנא, דעם פאַרשמאַכטן באַגער צו װיסן, צו אמת, צו גאָט"!

דער סאַמאַנא האָט געשטאַמלט מיט פאַרמאַכטע אויגן:

— „װאָרט" איז נאָר אַ לבוש פון געדאַנק און געדאַנק איז נאָר אײנ׳ער פון די אין סוף׳איקע מהותן פון גרויסן פראַגעצײכן, װאָס מיר רופן גאָט. זאָג אונדז, אָ סאַמאַנא, װאָס איז גוטס און װאָס איז שלעכטס, מיר זאָלן אויסקלײבן דאָס ערשטע און אויסמײדן דאָס צװײטע!

— „גוטס" און „שלעכטס" — האָט ער געשטאַמלט מיט פאַרמאַכטע אויגן; — זענען נאָר מענטשלעכע באַגריפן; ניטאָ אין אַלװעלט גוטס און שלעכטס; עס איז פאַראַן פעסטע געזעצמעסיקײט און דאָס איז אויך אַ מהות פון דעם, װאָס מיר רופן גאָט.

אַזוי האָט דער הײליקער סאַמאַנא געשטאַמלט מיט פאַרמאַכטע אויגן צו זײנע תלמידים, די בראַמאַנען, בשעת זײ האָבן אים מיט שטײנער און רוגזה פאַרלאָזט אײנציקװײז.

# אַ ווייבערשע ראַסע

ווען דאָקטער ספּאַליאַנסקי האָט זיך אַריינגעצויגן אין דער נייער געגנט „וויזשאַ אַנכעלאַ" האָט ער פון זיין זייט געטון אַלעס מעגלעכעס, מ'זאָל ניט דערקענען אַז ער איז אַ ייד. ר'האָט זיך פאַרלאָזט לאַנגע וואָנסעס, זיך אָפּגעשוירן פונעם נאָמען דעם נאַרישן „נסקי" און איז אַרויס אַ נייענקער, פרישענקער „דאָקטאָר מאַריאָ אַנכעל ספּאַלאַ" כמו גאַריבאַלדיס אַן אור-אייניקל.

אַ וואַוילער מענטש בטבע און אַ גוטער מעדיקער, האָט ער געוווּנען יעם צוטרוי פון זיינע פּאַציענטן און באַקאַנט געוואָרן ווייט אַרום אַלס טרעפלעכער פּאַכמאַן.

אַלטע איטאַליענער, האַרט אויפן סענט און מילד אויף ווערטער, פלעגן אין זייער טיפּישן מאַמע-לשון דערציילן זייערע מחלות העט פונעם אָנהייב: „ווען ר'האָט זיך געקריגט מיט פּאַסקוואַלן, דעם שאַרלאַטאַן".

און ס'איז אַוועק אַ לידל: דאָקטאָר ספּאַלאַ! חולאים כראָנישע און איינגערעדטע קראַנקייטן, — אַלע האָבן זיך געאײַלט צו זיין די ערשטע נאָך דער ריי, ניט דאַרפן וואַרטן ביז שפּעט אין דער נאַכט אין זיין קאָנסולטאָריע.

פלעגט ער זיך ווען ניט ווען באַווייזן אין גאַס, האָבן באַזעסענע בעלי-בתים אויף גיך און הכנעהדיק געהויבן די היטלען און מיט יראת-הכבוד אויסגעצויגן: „בוע-ע־נאַס דיאַס דאָק־טאָר".

די ווייבער אין יאַטקע פלעגן זיך שושקען: זעט, זעט, „דאָקטאָר ספּאַלאַ!" און דערציילט מעשיות וועגן זיין גוטסקייט, זיין קענטעניש — „און מ'זאָגט אפילו, ער איז אַ נאָענטער קרוב פון גראַף ספּאַלאַ אין רוים".

איז דער קרעמער, דאָן כאַימע, געוואָר געוואָרן פון אַזאַ גוטן מעדיקער

און האָט לאַנג זיך מישב געווען מיט זיין פּלוניתטע אויף וועלכע מחלה אים פריער פרעגן.

נאָך לאַנג עצהן זיך איז באַשלאָסן געוואָרן פריער פרעגן וועגן דער לעבער און ביסלעכווייז אויסדערציילן אַלע שלאָפּקייטן.

„צוריקרעדנדיק — האָט דאָניאַ כאַסעפינאַ געטענהט — איז ער אַ גוּ-טער דאָקטאָר, מוז ער אַלעס וויסן, וואָרום ער קען געבן אַ רפואה צו דער לעבער זי זאָל שאַטן צו מערידן אָדער אַן אַנדער שלאָפּקייט.

דאָן כאַימע אַליין איז ניט קיין גראָבער יונג און קיין שום ענין און אודאי ניט אין הלכות מעדיצין, נאָך אַזויפיל יאָרן זיך דאָקטערווען.

און אַזוי איז געווען: ווען דאָן כאַימע איז אריין אין וואַרט-צימער פון באַוווּסטן דאָקטאָר ספּאַלאַ, וועלכער — קען זיין — איז אַ לייבלעכער קרוב פון גראַף ספּאַלאַ. פון קייזערלעכן יחוס, האָט ער זיך אויסגעשטעלט וואָרט נאָך וואָרט וואָס צו זאָגן דעם דאָקטאָר. דאָך האָבן זיך די שפּאַנישע ווערטער געקייקלט ביי אים אין מויל פון ווינקל צו ווינקל ניט צו איינשלינ-גען זיי און ניט אויסצושפּייען. באַלד זענען זיינע הענט אים יידישלעך געקומען צו הילף בכדי דייטלעך דערציילן דעם דאָקטאָר וועגן אַלע קראַנק-הייטן זיינע, וועגן באַהאַנדלונגען פון כלערליי דאָקטוירים, וועגן אַלע רפוּ-אות געגומענע, און געדאַכט האָט זיך, אַז אָט די ווינטמיל, וואָס מאַכט מיט די הענט ווי מיט פליגל, וועט אַזוי אייביק מאָלן, מאָלן און מאָלן.

דאָקטאָר מאַריאַ אַנכעל ספּאַלאַ האָט ניט אויסגעהאַלטן און אַ זיַ‍ָג געטאָן אין ריינעם יידיש:

— אוי, יונגערמאַן, זענט איר אַ נודניק!

פון דעם מאָמענט איז דאָקטאָר ספּאַלאַ געוואָרן אומדירעקט דעם קרע-מערס געהילף און באַשיצער פון אַלדאָס בייז וואָס ס'איז געזאָגט געוואָרן אויפן יידישן אַדרעס. ס'איז געגוג געווען אַ קונהטע אָדער אַ קונה זאָל מאַכן אַ קרומע מינע וועגן „רוסאָס", דאָן כאַימע זאָל באַלד זיך אויסגלייכן נערוועאיש, בייז פינטלען מיט די אויגן און זאָגן:

— די בעסטע מענטשן זענען רוסאָס. איר האָט אַ סך אַזעלכע מעדי-קער ווי דאָקטאָר ספּאַלאַ? — און בכדי אינגאַנצן פאַרטומלען די פאַרחי-דושטע גויע, פלעגט ער צוגעבן: — נו, יאָ, אין מיין שפּראַך האָט ער צו מיר גערעדט, אָט אַזוי ווי איך צו אייך...

ס'איז געוואָרן ווי אַן אָפּגערעדטע זאַך: די אייגענע שכנים, די איי-גענע קראַנקע, דאָכ אייגענע שטופּן זיך ביי דאָקטאָר ספּאַלאַ און דאָך עפּעס

אנדערש. גלייך אלע איינוווינער פון „וויזשא אנכעלא״ זענען געוואויר געוואָרן אז דאָקטאָר ספאלא איז אַן אויסוואורף, אַ נידעריקע בריאה. אויס־געוואונען האָט די הכנעה, דער יראת-הכבוד ביים גריסן זיך, פארלוירן געג־גאנגען דאָס בנעימותדיקע אויסציען: „בוענאס די-אָס דאָקטאָר!״.

— ר׳איז דאָך אַ היכאָ דע רוסאָס, דער דאָקטאָר ספאלא! — האָבן גערעדט צווישן זיך די ווייבער. איינע האָט אפילו געקאָנט זיין פאָטער אלס „מארטשאנטע״ אויף אויסצאָלן. זי האָט דערציילט ווי אזוי ער פלעגט וויינען און בעטן זי זאָל ביי אים קויפן.

דאָן כאסינטאָ קאָלאָמבאָ, דער פּעלוקעראָ, וועלכער פלעגט אין דרייען זיך ביינן ביים גריסן זיך, האָט שפּאָטיש געקוקט דעם דאָקטאָר אין די אויגן און געוואַרט ער זאָל אים אפריער זאָגן גוטמאָרגן. דאָן פעליקס פון שיף-געשעפט האָט זיך ביים באַגעגענען אינגאַנצן אויסגעדרייט מיטן רוקן.

דאָקטאָר ספאלא האָט געליטן, ניט געוווּסט פונוואַנען עס קומט די נידערשעצונג און געווען אוממעכטיק מיט עפּעס צו רעאגירן.

מאַכט זיך, אויף אַ זיץ פון דער „קאָאָפּעראַדאָראַ״ ביי דער דערביי־איקער שולע, וווּ דער דאָקטאָר איז געווען פּאָרזיצער, האָט דער שול-די־רעקטאָר ניט מסכים געווען מיט אים. ס׳האָט זיך געהאַנדלט וועגן פינאַנ־סירן אַ קינדער-עקסקורסיע און דאָקטאָר ספּאָלא האָט געפּאָדערט אז פאַרן זאָלן אלע קינדער, סיי די וועלכע קאָנען צאָלן און סיי די וואָס קאָנען ניט. דער דירעקטאָר אָבער האָט זיך קעגנגעשטעלט און געפּאָדערט, אז די קינ־דער וועלכע צאָלן ניט, זאָלן בלייבן און אויפגערעגט צוגעגעבן:

— אלע אייעריקע זענען סענטימענטאלע! אַ ווייבערשע ראסע!

דאָקטאָר ספּאלא איז בלייך געוואָרן. ערשט איצט האָט ער פארשטאַנען די סיבה פון מינדערשעצונג מצד די שכנים און פּאַציענטן. ער האָט זיך אויפגעהויבן, האָט פארלאָזט דעם זאל און שוין זייענדיק אויפן שוועל, אַ זאָג געטון:

— ס׳פּאַסט אייך ניכער זיין אַ הונטשלענער ווי אַ דירעקטאָר פון אַ שולע.

# דאָס ליד פון פאַרגעסענע

(קאַפּיטעלעך פונעם בוך „מענטש, ערד און גאָט")

דער הונגעריקער האָט געבײַנטשט די צווייגן פון בוים, עסנדיק זיינע פּרוכטן, פאַרגעסנדיק אין די וואָרצלען, וואָס גריבלען זיך טיף, שיקנדיק די געשמאַקע זאַפט אַרויף דער פּרי פון בוים

דער דיכטער האָט זיך מיט עקל אָפּגעקערט פון אַרונטערגעפאַלענעם פּגר'שן אָדלער, זינגענדיק איינציייטיק דאָס ליד וועגן זיסקייט פון פליען.

פּרוּוו איך אָפּרייבן די חתימות, וואָס דאָס מאַטעווע מיידל לאָזט מיט אירע פּיאַטעס, טרעטנדיק פאַרעקשנט אויפן רוקן פון וועלט.

פּרוּוו איך מוסרן אירע שטומע דינער, וואָס באַגלייטן זי געטריי אין בלוטיקע וועגן.

אַזוי איז געבליבן מיין האַנט אַן אויפגעהויבענע אין דער פּוסטקייט. וואָרן דאָס מאַטעווע מיידל און אירע געטרייע דינער, האָבן פאַרעקשנט פאַרגעזעצט זייער פינצטערן וועג — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

* * *

איך האָב אַ קרעטשמע געעפנט פאַר וואַנדערער אין געדיכטן פּוסטעניש; אַן אומזיסטיקן מקום מקלט פאַר נאַקעטע נע־ונדניקעס, צעפּראַלנדיק אויף הפקר די טירן אין אַלע זייטן.

האָבן זיך אָבער פרעמדע צעבאַלעבאַטעוועט, אויסנוצנדיק'ס פאַר אַ שיט־פּלאַץ פון זייער עיפּוש, פאַרטרייבנדיק מיינע געבעטענע איינגנבלוטיקע.

ליגט מיין האַרצאַפּנקייט אונטער אַ באַרג מיט שמוץ, וואָס פאַר־שטעלט איר זויבערקייט פאַר נעכטיקער, וועלכע וואַרפן אַ שטומע קללה דער צוגרייטער פון אזא אכסניה, פאַרגעסנדיק אַז פרעמדע האָבן עס אויסגענוצט פאַר אַ שיט־פּלאַץ פון עיפּוש.

די טאָרבע פון ווינקל האָב׳ך אפּירגענומען, דעם שטעקן אין האַנט.
— צי איז פאַראַן אַן אָפּן־רו־פּלאַץ פאַר אייביקע וואַנדערער?
מיד, גאָר מיד בין איך געוועזן, ווען פון דערווייטנס האָבן טירן מיט אָפענע מיילער געוואונקען מיט דעך און אָפּרו.

מיד, גאָר מיד בין איך געוועזן, ווען פון דערווייטנס האָבן טירן מיט האָט אַרויסגערופן אַ קללה דעם צוגרייטער פון אזאַ אכסניה.

האָבן זיך פרעמדע אין מיין קרעטשמע צעבאַלעבאַטעוועט, פאַר־שיטנדיק מיין האַרצאַפּנקייט מיט זייער אָפּפאַל, פאַרטרייבנדיק מיך מיט מיינע אייגנבלוטיקע. — — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

* * *

ר׳ הלל האָט זיך געזעגנט מיט די טויזנטער תלמידים, וועלכע גאַרן זיין וואָרט, זיך לאָזנדיק צופוס צום פּלאַץ פון זיין רייכן שווער, וועל־כער האָט זיך געגרייט אים מקבל פּנים זיין מיט פויקן קלינגענדיקע אי־בערן גאַנצן שטעטל.

— ווער ביסטו, אָרעמער באָרוויסער, וואָס קניסטו נישט פאַרן שווער פונעם וועלטבאַוווּסטן לערער הלל? וואָס טראַכסטו אַזוי טיף, עניוותדיקער וואַנדערער? אפשר זוכסטו כבוד־ווערטער צו באַגריסן דעם לערערס נאָענטן?

—כ׳טראַכט, אַז כ׳קני פאַר דעם וואָס איז קלענער פאַר מיר, בכדי זיך פאַרגלייכן מיט זיין מדרגה.

— אין וואָס באַשטייט דיין גרויסקייט, גאוהדיקער פרעמדער, מיט וועלכער שטאָלצירסט פאַרן רייכסטן מיוחסדיקן פון יהודה?

— מיין גרויסקייט איז דאָס, וואָס כ׳בין נידעריקער פון יעדן, זיך באַמיענדיק אויסגלייכן מיט די קליינינקע.

אזוי פאַדערט די הימלישע לערע, דאָס ליד פון פארגעסענע, און איך בין דיין איידעם, הלל.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

* * *

דאָס שטילקייט פון נאכט האָט צעשניטן א קול, שיקנדיק כוואליעס אויפרעגונג אין צייט פון נירוואנישן רו, צעשטערנדיק די מאכט פון בוימישע בלעטלעך, וואָס האָבן פארדרימלט וויגנדיק מיטן אַנגענעמען שושקען.

פון אַ זינגער אַ יונגן האָט אַ טאָכטער געחלומט, וואָס פליט רי־טעריש אויפן ברענענדיקן פערד.

ביינאכט, ארויסגנבענדיק, וועט ער זי ברענגען אין קרישטאָלענעם פאלאץ, ווו דינער אין גאָלד וועלן וואַרטן אויף איר ווינק.

פונעם זון, אין שלאכטן פרעמד פארפאלענעם, האָט אַ מוטער גע־האָפט, וואָס וועט זיך דערנענטערן פונעם אַנגעשאָטנטן וואלד, זיך וואר־פנדיק אין אירע אויסגעצערטע פון וואַרטן אָרעמס, קושנדיק אירע טרו־קענע איינגעשרומפענע ליפּן.

דאָס האָט גאָר אַ בראָדיאגישער גיי־מענטש מיט זיין הפקר־ליד זיך געברוגזט פאר דער לבנה, וועלכע האָט תמעוואטע געוווּנקען אַז אַן ענטפער.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

# די רויטע האַנט

(אַ קאַפּיטל פון אַ ראָמאַן)

דער נייער ספּאָרט האָט חיים פּלאָטניקן אַזוי פאַרכאַפּט, אַז אפילו מיטיקן פלעגט ער אין קלוב־רעסטאָראַן. גאַנץ פרי פלעגט ער שוין זיין דאָרט, זיך נעמען זיין באַליבטן שיפל, אַרויפציען דעם זעגל אין דער ריכ־טונג פון ווינט און זיך אַרויסלאָזן ווייט אין לאַ פּלאַטאַ-טייך.

זיי האָבן זיך שטאַרק באַפריינדעט, דער בחור מיט זיין נייעם חבר, — דעם גרויסן אומענדלעכן טייך מיטן געלן פּנים.

זיי פלעגן רעדן איינער צום צווייטן ווי גלייכע אויף אַ פאַרשטענדלעך לשון.

עס פלעגט דאָרט פון אים, פּלאָטניקן, אַראָפּגעשווענקט ווערן דאָס „צוטשעפּעניש", וואָס נאָגט פון אים אַרויס דאָס חיות.

דאָרט, אויפן ברייטן צעגאָסענעם טייך זענען דאָך ניט געשטאַנען קיין פאָרלעך פאַרנאַכט ביי אַלע טירן, טוליענדיק זיך און דערמאָנענדיק אים אַניטאַן, — זיין געליבטע אַניטאַ מיט איר חתן פאַליני...

זיין נייער חבר פלעגט שוין אַפּנים אומגעדולדיק וואַרטן אויף זיין קומען; אַ ניט, פאַרוואָס פלעגט ער זיך צעשמייכלען, כוואַליענדיק צו אים? פאַרוואָס פלעגט ער אים אַזוי אַקעגנלויפן מיט זיינע מילי-מיליאַסן אברים, אים זינגענדיק אַ ליד פון שוים און שפּריץ?

דער טייך! ער פּליסטערט זאַכן, אָפּטמאָל ניט געשטויגן, נישט גע-פלויגן, גלאַט אַזוי, מחמת זיין טבע איז שוין פּלאַפּלען, תמיד מוז ער רעדן פון דעם, פון יענעם...

דערציילט האָט אַמאָל דער זילבערנער טייך דעם יונגן פּלאָטניק:
אַ שיפל מיט אַ זעגל גליטשט זיך אויף ווייכע פּלייצעס פון ים.

אַ זיכערע האַנט פון זעגלציער פירט זי אין ריכטונג! לײדיק, אָבער, איז דאָס שיפל, אָן אַ לעבעדיק באַשעפעניש!

וואָס פלאַפלסטו, נארישער טײך? איז מעגלעך אַ לײדיק שיפל מיט אַ זיכערער האַנט?

ליאָ ליאָ! אַ לײדיק שיפל ווערט געפירט אין אַ זיכערער ריכטונג. דער קלײנער לויפער שלאָגט אָן זײן קאָפּ אין זעגל און שטויסט דאָס שיפל איבער ימישע ווײכקײטן..

האָט ים געקוקט מיט זײנע כוואַליע-אויגן, געזוכט, געגישטערט, — ניטאָ קײן מענטש, נאָר האַנט, פעסטע האַנט ציט דאָס זעגל, פירט דאָס שיפל! זענען פיש פון ים געשפּרונגען אויף חידוש אַ קוק טאָן; האָבן די קוריאָזע קוקערס פון הימל געזוכט אין אַלע ווינקלען פון שיפל און זיך צעליאַרעמט מיט ווינקענדיקע קולות: — נישטאָ קײן מענטש, אַ האַנט אַלײן פירט שיפל איבער װײכע ימישע פּלײצעס!

פון מויל צו מויל, פון ים צו ים איז אַריבער דאָס נײעס: אַ האַנט, אַ האַנט אָן מענטש ציט דעם זעגל פון שיפל!

האָבן דאָס נײס טײכן און טײכלעך, די אײביקע ספּלעטניצעס, צעפּי־נעט מיט זשום און רעש אין אַלע וועלטן, ביז ס'האָט זיך דערוווּסט דער גרויסער לויפער און אָנגעלאָפן אויף זײן שטײנער מיט ברום און רוגזה.

ער האָט זיך געוואָרפן אויף שיפל מיט זײנע הערנער און נעגל, גע-הויבן עס פון הינטן, פון פאָרנט, געשלײדערט עס אויף אײן זײט, אויף דער צווייטער, געדרײט עס ווי אַ דרײדל, רונד אַרום, נאָר די האַנט, די בלויזע האַנט, פירט עס פעסט, ציט דעם זעגל פון זײט אין זײט און רײסט זיך דורך דעם שטורעם...

האָט דער בײזער לויפער געריסן פון ים גאַנצע שטיקער לײב און געשלײדערט עזותדיק שיפל, זיך אײנגעביסן מיט צײן, מיטן גאַנצן בײזן גוף זײנעם, געהויבן עס אין לופט, געוואָרפן עס ווי אַ באַל, ווי אַ שפּענדל אַ גרינגס.

דאָס שיפל איז פאָרט אַרויס גאַנץ און אומבאַשעדיקט, טריאומפירנ-דיק און זיכער.

פאַרשעמט האָט זיך דער גרויסער לויפער און אַוועק מיט געוויין אין נעיאָמער.

פון דאַמאָלס שווימט שוין שיפל, געפירט פון האַנט, פון האַנט אָן אַ מענטש, אָן לעבעדיק באַשעפעניש, גליטשט זיך איבער ימים און ברײטע

טייכן ווי אַ הערשערין איבער אַלץ, זיכער און פעסט איבער וואַסערדיקע וועלטן.

אפשר ווייסטו, כּאַימיטאַ, אפשר האָסטו געהערט ווו איז מענטש פון האַנט, פון שטאַרקער, פעסטער האַנט, וואָס הערשט איבער ימים?

חיים פּלאָטניק האָט געטראַכט און געענטפערט:

— יאָ, טייך, איך ווייס און ווייס אַוו איז מענטש, מענטש פון האַנט, די הערשערן איבער וואַסערן.

האָט טייך מיט מורא און נייגיר זיך געבעטן אויף זיין „קלוי־קלוי"־לשון: — זאָג, כּאַימיטאַ, זאָג, ווו איז מענטש?

ער האָט זיך געשווווירן ביי אַלץ, וואָס רינט און גיסט זיך, אַז טייך וועט אים בלייבן טריי אויף אייביק; אַז טייך וועט העלפן זיין נייעם חבר ביים ערשטן גערוף. ער האָט זיך געבעטן: — „זאָג, אָ, זאָג, ווו איז מענטש, מענטש פון האַנט?".

און חיים האָט דערציילט זיין חבר דעם סוד:

— מענטש איז פאַראַן, מענטש איז דאָ! מער ניט איינגעשלונגען געוואָרן איז ער פון אייגענער האַנט, דערפאַר איז זי אַזוי גרויס און אויסגעוואַקסן; אויפגעפרעסן האָט די האַנט דעם גאַנצן מענטש; דערפאַר איז ליידיק דאָס שיפל, אָן לעבעדיק באַשעפעניש און נאָר האַנט פירט דאָס שיפל איבער ימים מיט נצחון און גאווה, איבער שטורעם און רו.

טייך האָט ווייטער געציטערט, פרעגנדיק:

— רויט איז פייערדיקע זון פאַרן באָדן זיך און פאַדן פאַרשלונגען ווערן פון ים; רויט איז זי פון אייגענעם פייער אַרויפשווימענדיק פאַרטאָג, אָבער פאַרוואָס איז רויט די מענטשן - האַנט וואָס ציט דעם זעגל פון שיף?

חיים האָט זיך וואַרגנדיק, געענטפערט:

— זי דערנערט זיך און באָדט זיך אין בלוט, דערפאַר איז זי רויט, די האַנט, די הערשערן איבער ימישע וועלטן, אָבער נאָענט איז די צייט ווען מענטש וועט ווידער געבוירן ווערן, ווען ער וועט ווידער ווערן באַלעבאָס איבער אייגענער האַנט און איבער שיף און וועט זינגען ליד איבער וועלטן, אין אוניסאָן מיט שטערן און ימים.

